# בעל שם-טוב

## לעגענדע אוןווירקליכקייט



גראשן-ביבליאטעק נר. 222

פרייז 30 גראשן

ש. שניצער

# בעש"ט

## דער שעפער פון חסידיזם
## אין ליכט פון היינטיקער צייט

פארלאג „גראַשן-ביבליאָטעק"

1935 ווארשע

# הקדמה

היינטיקן שבועות איז געוואָרן 175 יאָר זינט עס איז געשטאָרבן דער שעפער פונם חסידיזם—דער בעש״ט.

דער בעש״ט (פאַרקירצונג פון „בעל שם טוב״) איז אין דער פאַנטאַזיע פון פאָלק אויסגעוואַקסן צו אַ מ י ט : האַלב מענטש— האַלב גאָט. די פאָלקס־לעגענדע שרייבט אים צו דאָס קאָנען נישט נאָר היילן קראַנקע, נאָר אַפילו מחיה־מתים זיין, פאַראויסזען די צוקונפט, קפיצת־הדרך (ד.ה. דורכ־מאַכן גרויסע שטחים אין אוממעגלעך קורצע צייט־אָפּשניטן) און ענלעכע „איבערנאַטירלעכע״ פונקציעס.

דער בעש״ט איז אַרומגעוויקלט מיט מער לעגענדעס ווי משה רבינו, ווי אליהו הנביא, ווי וועלכע עס איז אַנ־דערע וואָרהאַפטיקע אָדער לעגענדאַרע געשטאַלט פון דער יידישער רעליגיעזער מסורה.

ווער איז אין דער ווירקלעכקייט געווען דער דאָזי־קער שעפער פון אַ גרויסער באַוועגונג ביי יידן, וואָס האָט אָפּגעשפּילט אַזאַ באַדייטנדיקע ראָל אין דער יידישער גע־שיכטע און וואָס פאַרנעמט נאָך היינט, אין איר פונאַנדער־לייגונגס־תקופה, אַזאַ גרויס אָרט אין יידישן לעבן?

דאָס שפינוועבס פון לעגענדעס איז געדיכט געוועבט אַרום דער דאָזיקער מיסטעריעזער געשטאַלט. פונדעסטוועגן לאָזן זיך דאָך אַרויסשיילן געוויסע פרטים, וועלכע וואַרפן וואו־נישט־וואו אַ שטראַל אויף דער דאָזיקער געשטאַלט אין איר ווירקלעכן אויסזען.

טיילמאָל גיט אַ לעגענדע צו אַ שטריך און אפילו אַזאַ, וואָס זי איז זיכער נישט אויסן געווען; עס פאַלט דורך אַ קערנדל אמת, וועלכעס ראַטעוועט זיך אַרויס פונם פאַנטאַסטישן שטראָם פון דער לעגענדע.

אונזער אויפגאַבע: צונויפזאַמלען די דאָזיקע ברעק-לעך און צונויפשטעלן אַ געשטאַלט וואָס מער טריי צו דערווירקלעכקייט — אָן אידעאַליזירונג אָדער פאַרקריפלונג.

# דעם בעש"טס געבורט

...ביים סוף פון זיבעצענטן יאָרהונדערט זענען די טערקישע חיילות אָנגעפאַלן אויף פוילן און פאַרכאַפּט ביי איר די פּראָווינץ פּאָדאָליע. אין יענער צייט, ווען פּאָדאָליע איז געווען אונטער דער טערקישער הערשאַפט, האָט אויף דער פּאָדאָליש-מאָלדאַווישער גרענעץ געוואוינט אַן אַלטער ייִד אליעזר מיט זיין ווייב.

ויהי היום, איז איינמאָל אַ טאָטערישע באַנדע באַפאַלן די שטאָט, וואו אליעזר האָט געוואוינט, און גענומען אים און זיין ווייב אין געפאַנגענשאַפט.

אליעזרס ווייב האָט אויפן וועג באַוויזן זיך אַרויסצודרייען פון די רויבערס הענט און איז אַנטלאָפן אין אַן אַנדערער שטאָט, וואו זי איז געוואָרן אַ הייבאַם און דערפון פאַרדינט אויף איר חיונה. אָבער אליעזרן האָבן די רויבער אַוועקגעפירט אין אַ וויי טער מדינה. אין דער דאָזיקער ווייטער מדינה זענען גאָר קיין יידן נישט געווען.

אליעזר איז פאַרקויפט געוואָרן פאַר אַ קנעכט.

אַ צייט איז אליעזר געווען אַ געטרייער קנעכט פון זיין באַלעבאָס, צו וועמען ער איז פאַרקויפט געוואָרן. צוליב זיין געטריישאַפט און ערלעכקייט האָט ער שטאַרק חן באַקומען אין די אויגן פון זיין באַלעבאָס, וועלכער האָט אליעזרן פאַר דעם פאַרוואַלטער פון זיין הויז באַשטימט.

אין אַ צייט אַרום האָט דער באַלעבאָס זיין קנעכט

אליעזר אַוועקגעשענקט אַלס מתנה צום קיניגס ראַטגעבער.

פון דעמאָלט אָן האָבן דעם ראַטגעבערס עצות דעם קיניג גרויס הצלחה געבראַנגט, ווי קיינמאָל נישט ביז איצט. האָט דער קיניג נאָכגעפאָרשט די סיבה דערפון און זיך דער־וואוסט, אַז דאָס איז דעם ראַטגעבערס קלוגער קנעכט. האָט ער אליעזרן צו זיך אין פּאַלאַץ גענומען און פאַרן פירער פון אַלע זיינע חיילות באַשטימט...

דערווייל איז דעם קיניגס ראַטגעבער געשטאָרבן. האָט דער קעניג אליעזרן פאַר זיין ראַטגעבער באַשטימט און אים דעם פאַרשטאָרבענעם ראַטגעבערס טאָכטער פאַר אַ ווייב געגעבן.

האָט אליעזר געפאָלגט דעם קעניגס באַפעל, דעם ראַט־געבערס טאָכטער פאַר אַ ווייב גענומען. ער האָט זיך אָבער צו איר נישט צוגערירט. זי האָט אַלע אירע ווייבלעכע חנען און כישופן אָנגעווענדט, אָבער אליעזר האָט זיין יצר גובר געווען.

האָט זי אָנגעהויבן וויינען פאַר אים:

— פאַרוואָס פייניקסטו מיך און ווייזסט מיר אַזוי דיין פאַראַכטונג אַרויס? צי בין איך דען נישט שיין און יונג גענוג, כדי צו דערוואַרעמען דאָס האַרץ פון אַ מאַן?

האָט אליעזר אויף איר גרויס רחמנות געקריגן און איר אַנטפּלעקט זיין סוד, אַז ער איז אַ ייד און זיין גלויבן פאַרווערט אים צוצורירן זיך צו אַ ווייב פון אַ פרעמד פאָלק.

זי האָט אים פאַרשטאַנען און נישט געקוקט דערויף, וואָס צו שיידן זיך מיט אים איז איר זייער שווער גע־ווען — האָט זי אים איבערגעגעבן אַ גרויס עשירות פון גאָלד און זילבער און אים פריי געלאָזט צו פאָרן אין זיין היימלאַנד.

אָבער אויפן וועג זענען אים רויבער באַפאַלן און דאָס גאַנצע עשירות בײַ אים צוגערויבט.

אליעזר האָט געהאַט צוליב דעם גרויס צער און אַ פאַרטרויערטער האָט ער ווייטער געשלעפּט זײַנע מידע פיס איבערן זאַמדיקן וועג.

פּלוצלינג האָט אַרום אים אויפגעלויכטן און ס'האָט זיך פאַר אים באַוויזן אליהו הנביא.

– טרויער נישט, — האָט אים אליהו געטרייסט, — זײַ דיך נישט מצער, אליעזר. דו וועסט פאַר אַלע דײַנע לײַד און פּײַן באַלוינט ווערן. גיי אַהיים און זײַ מיט דײַן ווײַב. גאָט וועט דיך באַשענקען מיט אַ זון, וואָס וועט באַלויכטן די וועלט.

אַזוי פּלוצלינג ווי אליהו האָט זיך באַוויזן, אַזוי איז ער פאַרשוואונדן.

אליעזר איז אַהיימגעקומען און געווען מיט זײַן אַלט ווײַב. ס'איז קיין יאָר נישט אַוועק און אליעזרס ווײַב האָט אַ זון געבוירן, וועלכן זײ האָבן אַ נאָמען געגעבן ישראל.

דאָס פאָרפאַלק איז דעמאָלט אַלט געווען באַלד הונ־דערט יאָר.

— — — — — — — — — —

אַזוי דערציילט די לעגענדע.

די קערנדלעך אמת, וואָס לאָזן זיך אַרויסשיילן פון דער דאָזיקער לעגענדע, זענען די:

איידער דער בעש"ט איז געבוירן געוואָרן איז געווען מלחמה־צײַט. ווען דער בעש"ט איז געבוירן געוואָרן איז שוין געווען שלום. היות פאָדאָליע איז צוריקגעגעבן געוואָרן צו פוילן אין יאָר 1699, איז אַ סימן, אַז דער בעש"ט איז

געבוירן געוואָרן טאַקע אינם דאָזיקן יאָר, אָדער אַ יאָר שפּעטער — אין יאָר 1700.

געבוירן געוואָרן איז דער בעש״ט אין דער שטאָט אָקאָפּ (Okopy) — אַ פעסטונג־שטאָט נישט ווייט פון קאַמע־נעץ־פּאָדאָלסק, וואו עס איז געווען די פּויליש־טערקישע גרע־נעץ פאַר דער אָקופּאַציע פון פּאָדאָליע.

## ישראליק ווערט אַ יתום

ישראליק איז נאָך גאָר יונג געווען, ווען זיינע על־טערן זענען אים אָפּגעשטאָרבן. איידער דער פאָטער איז געשטאָרבן, האָט ער צוגערופן זיין קליינעם זון צום בעט און צו אים געזאָגט:

— מיין ליב קינד. דו בלייבסט אַצינד אַליין. אָבער שרעק זיך נישט. גאָט איז מיט דיר און דאַרפסט פאַר קיין זאַך נישט קיין מורא האָבן.

מיטן עלנד־געבליבענעם יינגל האָט זיך פאַרנומען די קהלה. מ׳האָט אים אָפּגעגעבן אין אַ חדר, וואו ס׳האָבן גע־לערנט אָרעמע יינגלעך.

אָבער ישראליקס אַפּוטרופּסים האָבן פון דעם יתומל קנאַפּ נחת געהאַט.

— אַ קעפּל האָט ער אַ פלינקס, — האָט דער מלמד געזאָגט, — ער וויל אָבער נישט. ער איז בכלל ווילד ווי אַ חיה; אויף אַלע דעכער און פאַרקאַנטעס קריכט ער און שפרינגט ווי אַ ציג. ער פליט אַרום אין אַלע עקן שטאָט ווי אַ ווינט און פאַרשווינדט פון חדר אויף גאַנצע טעג און מען ווייסט נישט, וואו זיין געביין איז.

ישראליקן האָט דאָס ענגע, שמוציקע, ציפּושדיקע חדר געדריקט ווי אַ תפיסה. ער האָט דאָרט אָטעמען נישט גע־

קאָנט. כּדי נישט דערשטיקט צו ווערן, פלעגט ער פון דאָרט אַנטלויפן ווייט הינטערן שטעטל, אינם נאָענטן וואַלד, וואו די פייגל זינגען שירה און קוקאַווקעס באַגלייטן דאָס געזאַנג מיט זייער „קו־קו, קו־קו!" דאָ האָבן וועוועריקעס געהיפּט איבער די גרין־באַנאָדלטע צווייגן פון די הויכע סאָסנעבוימער און שוואָמען האָבן „געוואָרפן אייגלעך" פונם געדיכטן מעך אַרויס...

די קלעפּ פונם בייזן מלמד האָבן גאָרנישט געקאָנט העלפן — אַזוי שטאַרק איז געווען דער צויבער פונם זינגענדיקן וואַלד.

— וואו ווערסטו פאַרשוואונדן אויף גאַנצע טעג, יונגאַטש איינער! — האָט דער מלמד געשריגן מיט צאָרן.

אָבער קיין שרייען און קיין שלאָגן האָבן נישט געהאָלפן און ישׂראליק פלעגט יעדע פאָר טעג נעלם ווערן נישט צו וויסן וואו.

לסוף איז מען געוואָר געוואָרן וואוּאַהין ישׂראליק לויפט אַזוי אָפט און נישט איינמאָל האָט אים דער מלמד ביי די אויערן צוריקגעפירט אין דעמפיקן חדר אַריין.

ישׂראליק איז אָבער ווידער אַנטלאָפן.

דער מלמד איז לסוף מיד געוואָרן צו יאָגן זיך נאָך אים און אים צורו געלאָזט.

אַזוי ווי מ'האָט ישׂראליקן אָפּגעזאָגט די „טעג", וואָס ער האָט געגעסן ביי באַלעבאַטים אין שטאָט, האָט ער אַליין געמוזט זאָרגן פאַר חיונה. ער איז געוואָרן אַ בעלפער ביי אַ דרדקי־מלמד און זיך פאַרנומען מיטן ברענגען די קינדער אין חדר אַריין און זיי אָפּפירן אַהיים.

די קינדער האָבן זיך שנעל צוגעבונדן צו זייער בעלפער און אים גיך ליב געקריגן. דער דאָזיקער בעלפער איז

גאָר געווען אַן אַנדערער בעלפער; ער האָט נישט געביי־
זערט זיך, נישט געבּרומט און געשריגן, ווען זיי האָבּן אַ
שטיף־געטון, נאָר מילד איז ער צו זיי געווען און גוט און
פלעגט אָפט מיט זיי מיטשטיפן, ווייל ער איז נאָך אַליין
אַ יונג יינגל געווען.

און נאָך אַ טבע האָט ישראלקע דער בעלפער געהאַט,
פאַרוואָס די קינדער האָבּן אים זייער ליב געהאַט – ער
האָט גערן געהאַט צו זינגען. און ער האָט זייער אַ שיין,
מתיקותדיק קול געהאַט.

ווען ער פלעגט די קינדער פירן אין חדר אריין און
צוריק אַהיים – פלעגט זיין זיס קול זיך טראָגן איבער
שטעטלשע געסלעך און זיך קייקלען, ווי אַ טייכל פון די
בּערג...

און די קינדערלעך פלעגן מיטזינגען.

פאַר ישראלקעס אויגן פלעגט זיך דעמאָלט אַנטפּלעקן
דער וואַלד מיט זיינע זינגענדיקע פייגל און אים האָט זיך
געדאַכט: ער אַליין – אַ פויגל, די קינדער – פויגעלעך...
זינגען שירה...

אַ לעגענדע דערציילט:

... דאָס דאָזיקע געזאַנג האָט כּביכול אַזאַ נחת־רוח
פאַרשאַפט, ווי אַמאָל דאָס געזאַנג פון די לויים אין בּית־המקדש.

האָט זיך דער שטן, ימח שמו, דערשראָקן און תחבולות
געזוכט דאָס נייע ליכט צו פאַרלעשן. האָט זיך דער שטן
אין אַ מכשף פאַרקליבּן. דער מכשף האָט זיך אין אַ „וואָל־
קולאַק"*) פאַרשטעלט און ווען ישראלקע איז געגאַנגען מיט
די קינדער און געזונגען, ווי געוויינלעך, איז דער „וואָל־

---

*) אַ לעגענדאַרע חיה.

קולאַק" אויף זיי אָנגעפאַלן. די קינדער זענען אין שרעק זיך צעלאָפן.

ישראלקע האָט זיך אַ גרויסן און אַ גראָבן שטעקן פאַרשאַפט און ווען דער „וואָלקולאַק" איז זיי נאָכאַמאָל באַפאַלן, איז דער בעלפער צוגעלאָפן צו דעם פאַרזעעניש מיט זיין גראָבן שטעקן און אים אַראָפּגעלאָזט אויף דער חיהס שטערן. דער „וואָלקולאַק" איז אַוועקגעפאַלן אַ טויטער.

צומאָרגנס האָט מען געפונען דעם מכשף אַ טויטן.

---

ווען ישראלקע איז אונטערגעוואַקסן און שוין אַ בר-מצווה בחור געווען, האָט ער זיין בעלפער-שטעלע פאַרלאָזט און איז אַן אונטער-שמש אין בית-המדרש געוואָרן.

אין די אָוונטן, ווען די בית-מדרש-בחורים זענען געזעסן און געלערנט, פלעגט דער אונטער-שמש שלאָפן, אַזוי אַז די בחורים האָבן אים פאַר אַ גרויסן פּעפער געהאַלטן. נישט איינמאָל פלעגט אים אַ בחור אַ שטויס טון מיטן עלנבויגן:

— איי פּעפער, פּעפער, וואָלסט בעסער אויפגעשטאַנען, אין אַ יידיש ספר אַ קוק טון!

אָבער אין שפּעטער נאַכט פלעגט ער אויפשטיין, לערנען און תפילה טון ביזן באַגינען, ווען מענטשן קומען אין בית-מדרש-אַריין. איידער עמעץ איז געקומען, איז דער אונטער-שמש שוין צוריק געלעגן אויף זיין געלעגער אַ שלאָפנדיקער...

אין די דאָזיקע נעכט האָט ער זיך אויך באַקענט מיט דער געהיימער לערע — דער קבלה-מעשית, די „פּראַקטישע קבלה", וואָס דורך איר קאָן מען וואונדער באַווייזן...

דאָס האָט מען געקאָנט טון נאָר בסוד, ווייל די רבנים

האָבן שטרענג פאַרווערט צו לערנען די קבלה און דאָס לערנען זי באַטראַכט פאַר אַן אַפּיקורסות.

די דאָזיקע שטאַרקע קעגנערשאַפט מצד די רבנים צו דער „פּראַקטישער קבלה״ האָט אויך געהאַט איר באַרעכטיקונג: האָט דאָך טאַקע די דאָזיקע „פּראַקטישע קבלה״ געשאַפן דעם באָדן פאַר די בלומרשטע „משיחים״, וועלכע האָבן נישט ווייניק צרות גורם געווען פאַר יידן. זענען דאָך קוים עטלעכע צענדליק יאָר אַוועק נאָך שבתי־צבי.

האָט טאַקע דאָס פּאַריטומטע בחורל ישראל, דער אונטער־שמש, געמוזט לערנען די חכמה פון דער „פּראַקטישער קבלה״ בסוד סודות, אין די נעכט, באַהאַלטן פון אַ פרעמד אויג.

פערצן יאָר איז ישראל בסך־הכל אַלט געווען, ווען צו אים איז אַריינגעפאַלן אַ גאַנצער אוצר פון קבלה־ספרים און ער האָט זיך אינגאַנצן אַריינגעוואָרפן אין דער טונקעלער, פאַנטאַסטישער וועלט פון דער יידישער מיסטיק.

---

אין יענער צייט, ווען דאָקטוירים זענען געווען ווייניק, און אין די קליינע שטעטלעך און ישובים זענען בכלל קיין דאָקטוירים נישט געווען, האָבן זיך אין פוילן פאַרנומען מיט היילן קראַנקע אַזוי־גערופענע „בעלי־שם״. גאָר אָפט האָבן זיך די דאָזיקע „בעלי־שם״ באַוויזן אין דרום — אין גאַליציע און פּאָדאָליע.

אַ טייל פון די דאָזיקע „בעלי־שם״ זענען אין פוילן באַרימט געווען, ווי, למשל, יואל „בעל־שם״ פון זאַמאָשטש. אָבער דער רוב פון זיי זענען באַקאַנט געווען בלויז אין די שטעט, וואו זיי האָבן געוואוינט און אין דער נאָענטער אומגעגנט.

אָבער נישט נאָר אין פוילן זענען „בעלי־שם״ געווען;

וואו ס'איז נאָר געווען אַ גרעסערער יידישער ישוב האָבן זיך געפונען „בעלי־שם".

זיי האָבן געהאַט איינפלוסן אין לאָנדאָן, זיי האָבן געהאַט אַ השפּעה אין פּאַריז.

און נישט בלויז צווישן יידן האָבן זיי אַ נאָמען גע־האַט אַלס „געטלעכע לייט". זיי האָבן אויך געהאַט פּאַר־ערער צווישן דעם קריסטלעכן אַדל.

די „בעלי־שם" האָבן געהיילט פיזיש־ און גייסטיק־קראַנקע, ס'רוב מיט דער הילף פון סגולות, ווי: גראָזן, קרייטעכצער, אָפּשפּרעכענישן, באַשווערן די בייזע גייסטער, וועלכע ברענגען די קראַנקהייטן, קמיעות, מיסטישע קונצ־שטיק, ספּעציעלע תפילות און ענלעכע „אויסגעפּרוווטע" מיטלען.

ס'זענען געווען געדרוקטע „היילביכער", וועלכע עס האָבן פאַרפאַסט די „גרויסע בעלי־שם", אָבער נאָך מער זע־נען געווען פאַרבאָרגענע ספרים, וועלכע זענען באַקאַנט גע־ווען בלויז פאַר יחידי־סגולה.

די „בעלי־שם" האָבן געהאַט אַ גרויסע מאָראַלישע השפּעה אויף דער פאָלקס־מאַסע. דער רוב פון זיי פלעגן די דאָזיקע השפּעה אויסנוצן, כדי צו מאַכן גוטע געשעפטן; ס'זענען אויך געווען צווישן זיי ערלעכע, בעסערע מענטשן, וועלכע האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע השפּעה זייערע, כדי צו פאַרשפּרייטן באַשטימטע אידעען. אַ טייל פון די „בעלי־שם" האָבן זיינערצייט מיטגעהאָלפן צו פאַרשפּרייטן די תורה פון שבתי־צבי.

און אָט דערציילט די לעגענדע:

...מיט אַ דור פריער, איידער ישראל איז געבוירן גע־וואָרן, האָט געלעבט אַ מקובל און „בעל־מופת" (וואונדער־

באַווייזער), אַ „בעל־שם" מיטן נאָמען אָדם. דער דאָזיקער אָדם בעל־שם האָט אַמאָל געפונען אַלטע שריפטן, אין וועל־כע עס זענען געווען גרויסע סודות פאַרשריבן. די דאָזיקע שריפטן האָבן געשטאַמט נאָך פון אברהם אָבינו... עס האָט זיי אויך געהאַט יהושע בן נון, וועלכער האָט אין אַ שלאַכט ביי דער פעסטונג־שטאָט יריחו באַפוילן דער זון זי זאָל שטיין בלייבן און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט...

אדם בעל־שם האָט מיט דער הילף פון די דאָזיקע שריפטן גרויס וואונדער באַוויזן: ער האָט פּאַלאַצן גאַנצע פון זייערע ערטער אַרויסגעריסן און אויף אַנדערע ערטער אַוועקגעשטעלט; ער האָט זיך מיט זייער הילף כל־טוב פאַרשאַפט, וואָס זיין האַרץ האָט נאָר געגלוסט.

איידער אדם איז געשטאָרבן, האָט מען אים „פון אויבן" אַ וואונק געגעבן, אַז די דאָזיקע שריפטן זאָל ער איבערגעבן צו אַ בחור מיטן נאָמען ישראל, דער זון פון אליעזר, וואָס געפינט זיך אין דער שטאָט אָקאָפּ. אדם האָט דעמאָלט די שריפטן איבערגעלאָזט ביי זיין זון מיטן אָנזאָג זיי אָפּצוגעבן דעם אָקאָפּער בחור ישראל בן אליעזר.

ווען אדם איז געקומען קיין אָקאָפּ און אויף זיין נאָכ־פראַגע האָט מען אים אָנגעוויזן אויפן אונטער־שמש פון בית־המדרש, איז אים שווער געווען צו גלויבן, אַז דער פּראָסטאַקישער, מגושמדיקער בחור זאָל עס זיין דער, וואָס דאַרף איבערנעמען די געהיימע שריפטן. ער האָט דעריבער גענומען נענטער זיך צוקוקן פון אַ זייט צום אונטער־שמש און דעמאָלט האָט ער באַמערקט, אַז מיטן דאָזיקן בחור איז די זאַך נישט אַזוי פשוט...

ביינאַכט איז אדמס זון געבליבן נעכטיקן אין בית־המדרש און מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז ער שלאָפט, האָט

ער געזען, ווי דער אונטער־שמש שטייט אויף און נעמט זיך פאַר זיין עבודה. דעמאָלט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ער טאַקע, דער אמתער ישראל בן אליעזר, און ער האָט אים איבערגעגעבן די געהיימע שריפטן, וואָס מיט זייער הילף קאָן מען די גרעסטע וואונדער באַווייזן. — — —

## ישראל איז עוסק אין דער „פּראַקטישער קבּלה"

פון דער אויביקער לעגענדע דערוויסן מיר זיך, אַז ישראל האָט געקריגן אַ חבר, וועלכער האָט מיט אים אין די נעכט געלערנט די „פּראַקטישע קבלה". דער דאָזיקער חבר איז געווען אַ יונגער קעסט־איידעם פון אַ רייכן אָקאָפּער באַלעבאָס.

דער רייכער שווער האָט אויפן פאַרלאַנג פון זיין איידעם אָפּגעדונגען פאַר אים אַ הייזל הינטער דער שטאָט. אין דעם דאָזיקן איינזאַמען, פאַרוואָרפענעם הייזל, העט הינטער דער שטאָט, צווישן פעלדער און לאָנקעס, פלעגןביידע חברים זיך אָפּזונדערן פון דער וועלט און פאַרטיפן אין די געהיימע, מיסטישע וועלטן פון דער קבלה. אין די געהיימע קבלה־ספרים האָבן זיי געזוכט די מיטלען פון וואונדער באַווייזן.

און די לעגענדע וועבט זיך ווייטער:

...איינמאָל האָט דער חבר געבעטן ישראלן, ער זאָל אַראָפּברענגען דעם שר התורה *), כדי ער זאָל זיי געבן צו פאַרשטיין אַ געוויסע שווערע שטעל אין אַ ספר.

---

*) דעם מלאך, וואָס זאָרגט פאַר די ענינים פון דער תורה.

ישראל האָט זיך אין תחילת געקווענקלט. לסוף האָט ער מסכּים געווען.

אָבער דאָ איז געשען אַ טעות: אָנשטאָט דעם שר פון דער תורה – האָט ער געבּרענגט דעם שר פון... פייער.

שטעטל האָט זיך קוים מיטן ביסל בּעבּעכעס אַרויס-געראַטעוועט...

אַ צווייט מאָל האָט ישראל געפּרוּווט אַראָפּבּרענגען דעם שר התורה, אָבער דאָ האָט ער דערהערט אַ בּת-קול (אַ שטים) פונם הימל, אַז בּיידע, ער און זיין חבר, זענען פאַרמשפּט צום טויט.

איין וועג פון רעטונג איז פאַר זיי געבּליבּן: אַ גאַנ-צע נאַכט וואַך זיין, לערנען און מתפּלל זיין. האָט אָבער ישראלס חבר איינגעדרימלט און איז מער נישט אויפגע-שטאַנען. — — — — — — — — — — —

---

ווי די מעשה זאָל נישט זיין, האָט ישראל בּיים דאָ-זיקן חבר זיינעם זיך אויסגעלערנט אַלע סגולות פון די בּעלי-שם.

ווען די שטאָט-לייט האָבּן געזען, אַז דאָס פאַריתומטע בּחורל איז אַרויף אויפן „דרך הישר" (ריכטיקן וועג), אַז ער איז עוסק אין לערנען און אין תּפילות, האָבּן זיי אָנ-געהויבּן טראַכטן וועגן אַ תּכלית פאַר אים.

– ער איז שוין אַ בּחור אין די יאָרן, – האָבּן יידן געטענהט, – שוין זיבּעצן יאָר אַלט געוואָרן. בּיי לייטן האָט מען שוין קינדער אין די יאָרן.

מע האָט פאַר אים אויסגעזוכט אַ שידוך און אים חתונה געמאַכט.

אָבער אין אַ קורצער צייט נאָך דער חתונה איז דאָס

יונגע ווייבל געשטאָרבן און ישראל איז ווידער אַליין געבליבן.
ווען ישראל איז אַכצן יאָר אַלט געווען, האָט ער גענומען דעם וואַנדער-שטעקן, פאַרלאָזט זיין געבורטשטאָט און אַרויס אין דער וועלט. ער האָט זיך געלאָזט קיין מזרח-גאַליציע, אין בראָדער קרייז. אין אַ קהלה נישט ווייט פון בראָד האָט ער זיך גענומען צו מלמדות.
דער נייער מלמד האָט שטאַרק נושא חן געווען (סימפּאַטיע געוואונען) ביי אַלעמען מיט זיין פשטות און האַרציקער באַנעמונג. און נישט נאָר צווישן יידן. קענענדיק גוט די פוילישע שפּראַך – איז ער באַקאַנט געוואָרן אויך צווישן די אַרומיקע פּריצים, ביי וועלכע ער פלעגט זיך משתדל זיין אין פאַרשידענע ענינים.
ביי דין-תורהס פלעגן אים יידן אויסקלויבן אַלס בורר (אַרביטער).
איינמאָל איז ער געווען בורר אין אַ סכסוך, וואו איינער פון די צדדים איז געווען אפרים קוטעווער, דער פאָטער פונם באַרימטן בראָדער רב אברהם גרשון קוטעווער.
אפרים האָט געהאַט אַ טאָכטער אַ גרושה. אַזוי ווי ער האָט געזען, אַז דער מלמד קען לערנען, האָט ער אים פאָרגעלייגט זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב. ישראל האָט מסכים געווען, אָבער בתנאי, אַז די זאַך זאָל דערווייל בלייבן בסוד.
דערווייל איז אפרים קוטעווער געשטאָרבן. זיין זון, דער בראָדער רב, האָט געפונען די תנאים און געפרעגט ביי דער שוועסטער, ווער עס איז דער ישראל בן אליעזר, אָבער זי האָט נישט מער געוואוסט וועגן אים, ווי איר ברודער.
– מן-הסתם האָט דער טאַטע געוואוסט, וואָס ער טוט, – האָט זי געזאָגט, – מסתמא איז ער מיין זיווג מן השמים.

ווען דער זמן האָט זיך גענענדיקט, האָט ישראל זיך אָנגעטון אין אַ קורץ פויערישן פעלצל, מיט אַ ברייטן שטריק זיך אַרומגעגאַרטלט און זיך געלאָזט קיין בראָד, צום רב.

ער האָט צו אים גערעדט מיט אַ מגושמדיק קול און פּראָסטע רייד.

— גיב מיר מיין ווייב, — האָט ער געזאָגט, — איך וויל זי נעמען צו זיך.

דער רב איז צעטומלט און פאַרשעמט געוואָרן. נאָר וואָס האָט ער געקאָנט העלפן? זענען דאָך געווען תנאים געשריבן און געחתמעט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט פאַר־שטיין, וואָס זיין פאָטער, אַ ייד אַ תלמיד־חכם, האָט פאַר זיין טאָכטער אויסגעקליבן אַזאַ ווילדן עם־הארץ, אַזאַ מגושמ־דיקן פּראָסטאַק.

ער האָט געפרעגט ביי דער שוועסטער, וואָס זאָגט זי דערצו?

אָבער זי האָט געענטפערט איינס:

— מן הסתם איז רעכט אַזוי. אַז דער טאַטע האָט אַזוי געטון, מסתמא האָט ער געוואוסט, אַז עס איז אַ זיווג.

בלית־ברירה האָט מען אַ זמן חתונה באַשטימט.

פאַר דער חופה האָט דער חתן דער כלה זיין סוד פאַרטרויט:

ער וויל אַ צייט זיין אַ פאַרבאָרגענער, אַ „נסתר" בלייבן, מענטשן זאָלן נישט וויסן, אַז ער איז אַ תלמיד־חכם און אַ קענער פון קבלה.

דעם בראָדער רב איז שטאַרק נישט אָנגעשטאַנען דער פּראָסטאַקישער שוואָגער, האָט ער אים אויסאיידלען געוואָלט און אַליין מיט אים לערנען זיך גענומען.

אָבער דער „פּראָסטאַק" האָט גאָרנישט פאַרנומען און גאָרנישט געקאָנט זיך אויסלערנען...

האָט דער רב געפּרוּווט ביי זיין שוועסטער פועלן, זי זאָל זיך נעמען מיט איר פּראָסטאַקישן מאַן. נישט קאָנענדיק דאָס פועלן ביי דער שוועסטער, האָט ער איר פאָרגעלייגט, זי זאָל זיך ערגעץ אַנדערש וואו אַריבערציען און אים נישט מיט איר פּראָסטאַקישן מאַן דאָס פּנים פאַרשוואַרצן... ער האָט דעם פאָרפאָלק אַ פערד און וואָגן געקויפט און דער „פּראָסטאַק" ישראל האָט זיך מיט זיין ווייב באַזעצט אין אַ דאָרף צווישן קיטעוו און קאָסעוו, טיף אין די קאַרפּאַטן־בערג.

דאָרט, אויף די פּרעכטיקע לאַנדשאַפטן צווישן די בערג מיט די תּמיד מ'ט שניי־באַדעקטע שפּיצן האָט ישראל פאַרברענגט ס'רוב מיט זיך אַליין אין שטרענגער אָפּגעזונדערטקייט. צוויי אָדער דריי מאָל אין דער וואָך פלעגט זיין ווייב מיט פערד און וואָגן צו אים אין די בערג אַרויסקומען. ער פלעגט אויסגראָבן ליים, אַ פול וועגעלע אָנשיטן און זיין ווייב פלעגט עס אין דער שטאָט פירן און דאָרט פאַרקויפן עס. דערפון האָבן זיי זיך מפרנס געווען. קיין סך האָבן זיי נישט געדאַרפט, ווייל ישראל האָט 'סדר געפאַסט און בלויז צווישן איין תּענית אין דעם אַנדערן אַ שטיקל ברויט מיט וואַסער טועם געווען.

ביי טאָג פלעגט ער שלאָפן און איבער די נעכט ביי י קבלה־ביכער געזעסן און געלערנט.

אַזוי איז געווען דער שטייגער פון די מקובלים.

שפּעטער, ווען ישראל איז שוין באַוואוסט געווען ל'ס „בעל שם טוב", פלעגט ער זאָגן צו זיינע תּלמידים:

„בעסער בײטאָג עטלעכע שעה שלאָפן, כדי צו קאָנען בײנאַכט, וואָס מער וואַך זײן".

די טונקעלע לערע האָט ליב די טונקעלע נאַכט־שעהן און מײדט דאָס ליכט פון טאָג...

## פאַר דער „אַנטפּלעקונג"

צווישן די קאַרפּאַטן, די ריזן מיט די ווײסע קאָפּלען, וואָס שטײען ווי עדות פון די ערשטע טעג פון וועלט־באַשאַפונג, אינם דאָזיקן פּרעכטיקן ווינקל אין גאַליציע, נאָענט פון בוקאָווינע, האָט ישראל זיבן יאָר פאַרבראַכט. דאָ האָט ער זיך אײנגעלעבט מיטן וואונדער פון דער נאַטור און געפילט דעם פּולס פון לעבן אין יעדער דערשײנונג אירער. יעדער בוים, יעדעס גרעזעלע האָט זײן „נשמה" אַנטפּלעקט פאַר אים.

אין די שטילע און טיפע נעכט פלעגט ער אויפנעמען יעדן שאָרך, ווי אַ גרוס פון געהײמע וועלטן, וועלכע וואַרטן אויף זײער אַנטפּלעקונג, פּונקט ווי די דאָזיקע שטומע וועלט אַרום לעכצט נאָך לשון, — נאָך אַ צונג, וואָס זאָל קאָנען דערצײלן וועגן דער גרויסער בענקשאַפט, דער אומבאַשטימטער און דער אָן־נאָמענדיקער, אין וועלכער אַלץ שמאַכט און גײט אויס אין נאָגעניש...

„דאָרט האָט ער זיך דאָס לשון פון די עופות און פון די בײמער אויסגעלערנט" — זאָגט די לעגענדע.

ווען די זיבן יאָר האָבן זיך געענדיקט, האָט ער דאָס דאָרף פאַרלאָזט, אין אַ נײעם ישוב געקומען און זיך ווידער צו מלמדות גענומען. ער האָט מיט זײן ווײב פון גרויס דחקות געליטן, ער האָט אָבער צו קײנעמס הילף

נישט געוואָלט אָנקומען. ער האָט זיך שחיטה אויסגעלערנט און זיך באַזעצט אינם ישוב קשיליוויץ, וואו ער איז שוחט געווען און זיין ווייב האָט בראָנפן צו די פויערים פאַרקויפט.

אָבער פוןביידע „פרנסות" איז קיין פרנסה נישט געווען.

אַ לעגענדע דערציילט:

...שוין אַ פאָר טעג פאַר פסח געווען, אָבער אויף פסח האָט דער קשיליוויצער שוחט ישראל נאָך אַלץ נישט געהאַט. האָט ער זיך איבער די דערפער געלאָזט, אַביסל געלט פון שחיטה פאַרדינט, מעל און פלייש אויף יום-טוב איינגעקויפט און אַ פריילעכער, אַ זינגענדיקער זיך מיט זיין וועגעלע אין וועג אַהיים פאַרנומען.

נאָר ווען ישראל איז שוין הינטער זיין דאָרף געווען, האָט אַ שלאַקסרעגן זיך אַראָפּגעלאָזט און אים דאָס מעל חמצדיק געמאַכט.

האָט ער זיך איבער נייע דערפער געלאָזט, ווידער אַביסל געלט פאַרדינט און פריש מעל אויף מצות געקויפט.

האָט זיך דאָס פערד אין מיטן וועג אַוועקגעלייגט און פון אָרט זיך נישט רירן געוואָלט.

האָט ער דאָס פערד אויסגעשפאַנט, זיך אַליין אינם וואָגן איינגעשפאַנט און געשלעפט, ביז ער איז אָן כוחות ליגן געבליבן.

ער האָט זיך צעוויינט און וויינענדיק איינגעשלאָפן. האָט זיך צו אים אין חלום אליהו הנביא באַוויזן און געזאָגט:

— וויין נישט, ישראל, גאָט האָט דיין געוויין פאַרנומען.

ווען ישראל האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זיך פאַר אים אַ גוי מיט אַ פערד באַוויזן. ער האָט זיין פערד אין ישראלס וואָגן איינגעשפּאַנט און אים דאָס מעל אַהיימגע־פירט. — — — — — — — — — — —

די נויט אין ישראלס שטוב איז אַלץ גרעסער גע־וואָרן. ער איז געצוואונגען געווען מיט זיין ווייב זיך אומ־צוקערן קיין בראָד און בעטן הילף ביים שוואָגער.

דער רב האָט צוגענומען דעם „פּראָסטאַקישן" שוואָגער פאַר אַ משרת אין זיין הויז.

אָבער ישראל האָט זיך פאַר אַ גרויסן לא־יוצלח אַרויסגעוויזן. איז ער מיטן רב אַלס אָנטרייבער געפאָרן, האָט ער די פערד אין אַ זומפּ אַריינגעפירט.

האָט דער בראָדער רב באַשלאָסן צו מאַכן נאָך אַ פּרוּוו: ער האָט פאַר ישראלן אַ שענק אין אַ רענדע גענו־מען אין אַ דאָרף נישט ווייט פון קוטעוו. ער האָט דאָרט באַזעצט די אָרעמע שוועסטער מיט איר מאַן און זיי האָבן ביי דער שענק אויך אַן אַכסניה געהאַט, וואו פאַרבייפאָרנ־דיקע האָבן איבערגענעכטיקט.

איצט האָבן זיי געהאַט פרנסה בריוח.

מיט דער שענק האָט זיך דאָס ווייב פאַרנומען. ישראל פלעגט נאָר קומען, ווען ס'זענען אורחים געווען און זיי באַדינען. געוויינלעך פלעגט ער אַהיימקומען בלויז אויף די שבתים און די וואָכנטעג האָט ער פאַרבראַכט אין קליינעם שטיבל, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אויפבויען אין וואַלד ביים טייך פּרוט און זיך אָפּגעגעבן מיט זיינע קבלה־ספרים.

אָבער פאַר מענטשנס אויגן האָט ער זיך אָנגעגעבן פאַר אַן עם־הארץ, וואָס פאַרשטייט זיך אויף קיין ספר נישט.

אַ באַזונדער הנאה האָט ער געהאַט צו רייצן זיין

שוואָגער, דעם גדלותדיקן רב, מאַכנדיק דעם אָנשטעל פון אַזאַ עם-הארץ, וואָס שיקט זיך גאָרנישט.

אַרום דעם יאָר ת"ץ (1730) האָט ישראל זיך באַזעצט אין דער שטאָט טלוסט (Tłuste), אין גאַליציע.

די גוטע צייטן האָבן זיך אויסגעלאָזט. פאַר ישראלן האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן יאָרן פון גויט און דחקות.

ער האָט זיך ווידער גענומען צו מלמדות. צייטנווייז פלעגט ער צופאָרן אין די אַרומיקע דערפער לערנען מיט די קינדער פון ישובניקעס.

אַ צייט וואַקלט זיך ישראל מיט דער דעה:

– זאָל ער בלייבן ווייטער אַ „נסתר", אָדער זיך „אַנטפּלעקן" אַלס „בעל-שם", וואָס ווייזט וואונדער מיט דער הילף פון קבלה?

זיין מצב וואָלט זיך פיל געבעסערט.

אַ לעגענדע דערציילט:

...איינמאָל האָט דער בראָדער רב זיין „פּראָסטאַקישן" שוואָגער צו אַן אַנדערן רב אַוועקגעפירט, יענער זאָל אים מוסר זאָגן, אים באַוועגן מער דעם קאָפּ צוצולייגן, ער זאָל עפּעס פונם לערנען פאַרנעמען.

ווען זייענען אַריין אין שטוב, האָט דער בראָדער רב אַ קוש געטון די מזוזה; ישראל האָט די מזוזה נישט געקושט.

האָט דער באַלעבאָס פון הויז אויף ישראלן אַ בליק פול כעס און פאַרוואונדערונג געוואָרפן. אָבער דאָ האָט ישראל די פּראָסטאַקישע מאַסקע פון זיין פּנים אָפּגעווישט און דער באַלעבאָס פון הויז האָט אַ גרויסע ליכטיקייט אויף זיין פּנים דערזען. האָט ער ישראלן אין אַ באַזונדערן חדר

אַריינגערופן און אויף אים גוזר געווען, ער זאָל אים זאָגן ווער ער איז אינדעראמתן.

האָט זיך ישראל פאַר אים אַלס „בעל־שם" אַנטפּלעקט.

ער האָט אָבער אויף אים גוזר געווען דעם סוד פאַר קיינעם נישט צו דערציילן.

ווען זיי האָבן דאָס הויז פאַרלאָזט, האָט דער באַלעבאָס פון הויז זיין מזוזה נאָכגעזען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז אַ פּסולע געווען. — — — — — —

## די „אַנטפּלעקונג"

לערך אין יאָר תצ"ה (1735), ווען ישראל איז זעקס און דרייסיק יאָר אַלט געווען, האָט ער איינגעפונען, אַז ס'איז שוין געקומען די צייט, ער זאָל זיך „אַנטפּלעקן".

אַ לעגענדע דערציילט:

...דער קאָלאָמייער רב איז איבער די דערפער אַרויסגעפאָרן „מעות חיטים" קלייבן. האָט ער אויפן וועג פאַרבלאָנדזשעט און צו ישראלס הויז געקומען. ישראל האָט דעם רב גוט אויפגענומען, אים דאָס בעט געבעט, וואַסער אויף נטילת ידים ביים בעט געשטעלט און ער אַליין האָט זיך נעבן זיין ווייב אין איר בעט געלייגט, ווי דער שטייגער פון די פּראָסטע דאָרפלייט איז.

אין האַלבער נאַכט איז ישראל אויפגעשטאַנען פון זיין געלעגער, זיך הינטערן אויוון פאַרקליבן און דאָרט זיין הייליקע עבודה אָפּגעריכט.

האָט זיך דער רב פון זיין שלאָף אויפגעכאַפּט און אַ בלענדנדיק ליכט פון הינטערן אויוון אַרויסשטראַלן געזען.

האָט דער רב געמיינט: דאָס האָלץ, וואָס טריקנט

דאָרט, האָט זיך אָנגעצונדן און עס קאָן אַ שׂרפה געשען. האָט ער שנעל דאָס געפעס מיט וואַסער געכאַפּט און צום הינטערן אויוון צוגעלאָפן. האָט ער דערזען: דער דאָרפייד זיצט דאָרט און אַ שיין איז אַרום זיין קאָפּ.

דער רב איז אין חלשות געפאַלן.

פון דעמאָלט אָן פלעגט דער קאָלאָמייער רב אָפּט צו ישראלן פאָרן, פון אים דברי תורה הערן. ער האָט אָבער קיינעם וועגן דעם נישט דערציילט, ווייל אַזוי האָט אים ישראל אָנגעזאָגט.

אָבער ישראלס שוואָגער, דער בראָדער רב, האָט אַלץ פיינט געהאַט זיין „פּראָסטאַקישן" שוואָגער און זיך געשעמט מיט אים.

---

„אַנטפּלעקט" געוואָרן אַלס „בעל-שם" איז ישראל אין טלוסט, וואו ער האָט געליטן גרויס נויט. ער האָט אָנגעהויבן היילן קראַנקע. ער פלעגט פון צייט צו צייט אַרומוואַנדערן איבער די נאָענטע קהלות פון פּאָדאָליע און גאַליציע — האָראָדענקאָ, קוטעוו, נעמיראָוו שאַריגראָד; טיילמאָל אויך איבער די וואָלינער שטעט — פּולנאה (פּאָלאָנע), זאַסלאַוו, איבער אומאַנער געגנט.

על פּי רוב פלעגט דער בעל-שם וואַנדערן איבער די דערפער, וואו ער האָט געהיילט אַרענדאַרן, פּאַכטערס, פּוילישע פּריצים.

ישראל בעל-שם האָט געהיילט מיט אויסגעפּרוּווטע מיטלען — ער האָט געלאָזט אָדער, פּיאַווקעס געשטעלט, אַמאָל „דיבוקים" אָדער „נישט-גוטע" פון הייזער געטריבן מיט דער הילף פון תּפילות און השבעות (באַשווערונגען).

באַזונדערס באַרימט איז דער בעל-שם געוואָרן דורך

זיין היילן מיט קמיעות. אַ קמיעה – דאָס איז אַ פּאַרמעטן צעטעלע, אויף וועלכן עס זענען אויפגעשריבן די נעמען פון מלאכים און השבעות קעגן די „נישט-גוטע". דאָס דאָזיקע צעטעלע לייגט מען אַריין אין אַ בלעכן פּודעלע און מ'טוט עס אָן אויפן האַלז פונם קראַנקן, פון דער קימפּעטאָרין, אָדער פונם ניי-געבוירענעם קינד.

ער האָט זיך תמיד געהיט צו היילן אין אַזאַ הויז, וואו עס האָט געהיילט אַ קריסטלעכער דאָקטאָר, אָדער אַ טאַטערשער מכשף, ווייל יענע פלעגן אים רודפן.

ווען עס פלעגט אים נישט געלינגען – האָט ער עס דערקלערט דערמיט, וואָס דער שטן האָט זיך אַריינגעמישט, אָדער אַז ער האָט דערהערט אַ כרוז פון הימל, אַז דער חולה איז פאַרמשפּט צום טויט...

אַ לעגענדע דערציילט, ווי דער בעש"ט האָט איינמאָל צוגעזאָגט אַ גביר, אַז זיין קראַנקער זון וועט געזונט ווערן.

ווען דער בעש"ט האָט אָבער געזען, אַז דער קראַנקער האַלט ביי שטאַרבן און די עלטערן וועלן אים מבייש זיין און זאָגן, אַז ער איז געבליבן אַ ליגנער – האָט ער שנעל פאַרלאָזט דאָס הויז און אַוועק ווייט פון דעם ישוב מיט „קפיצת הדרך"...

דאָ שטעלט זיך די פראַגע:

– צי האָט ער, דער בעש"ט אַליין, געגלויבט אין זיין כוח צו באַווייזן וואונדער?

וואַרשיינלעך: יאָ.

ער איז געווען אַ מיסטיקער און איז אַליין געווען איינגעגלויבט אין זיין כוח און מיט דער קראַפט פון זיין אויטאָסוגעסטיע – סוגעסטירט אַנדערע.

ווייל אַנדערש איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן דעם

געוואַלדיקן איינפלוס פון דער דאָזיקער פּערזענלעכקייט אויף די מאַסן פון פאָלק, ווי אויף די געלערנטע תּלמידי־חכמים און אפילו אויף די גואישע פּריצים, דעם גרויסן צוטרוי, וועלכן ער האָט געוואונען ביי אַזוי פיל מענטשן פון פאַר־שידענע שיכטן און שטאַנדן.

דער בעש״ט אַליין האָט אַמאָל געזאָגט:

„ווען עמעץ געפינט זיך אין טיפער באַהעפטונג מיט דער שכינה — איז ווי נאָר ער גיט אַ טראַכט וועגן די אויבערשטע וועלטן, געפינט ער זיך באַלד דאָרט. אַזוי ווי אַ מענטש טראַכט, אַזוי איז ער. וואָלט ער אין די אויבערשטע וועלטן נישט געווען—וואָלט ער וועגן זיי גאָרנישט געטראַכט...״

האָט זיין סגולה אָדער קמיע געהאָלפן — איז ער זי־כער געווען, אַז גאָט האָט זיין רצון ממלא געווען; האָט זי נישט געהאָלפן — איז דאָס גאָטס ווילן, וואָס לאָזט זיך נישט איבעראַנדערשן...

אין אַ קורצער צייט האָבן דעם בעש״טס קמיעות אַ שם געקריגן אין גאַנצן לאַנד פאַר די בעסטע. לייט פלעגן גוט באַצאָלן פאַר „פּדיון־נפש״ *). פון אַלע עקן אוקראַאינע זענען מענטשן געקומען צום בעל־שם נאָך הילף צו זייערע מחלות. מ׳האָט צו אים געבראַכט קאַליקעס, משוגעים.

ס׳פלעגן קומען צום בעש״ט אַזויפיל מענטשן, אַז ער האָט זיך געמוזט דינגען אַ ספּעציעלן סופר צום שרייבן קמיעות; שפּעטער האָט ער אפילו געהאַלטן צוויי סופרים.

דער בעש״ט איז באַקאַנט געוואָרן ווייט און ברייט אַלס „הייליקער מאַן״ און „וואונדער־באַווייזער״. דעמאָלט

---

*) „אויסלייזן זיך דאָס לעבן״. — דאָס געלט, וואָס מען גיט אַ „גוטן־ייד״, אַז מען זאָל בעהאָלפן ווערן.

האָט ער אויפגעהערט זיך צו באַנוצן מיט די „היילמיטלען״ פון די „בעלי־שם״ און בלויז זיך באַנוצט מיט תפילות.

מתפלל זיין פלעגט דער בעש״ט מיט גרויס ברען און באַגייסטערונג, אַז ער פלעגט אַלעמען באַגייסטערן.

„אַמאָל האָט ער אין דאָרף אין אַ שייער געדאַוונט. אין שייער זענען פעסער מיט תבואה געשטאַנען. ווען דער בעש״ט האָט אָנגעהויבן זיין דאַווענען, זינגענדיק און טאַנצנדיק פון התלהבות — האָבן די פעסער אָנגעהויבן טאַנצן אַ ריקוד אַרום אים...״ — דערציילט אַ לעגענדע.

אַ וויכטיקע סיבה פון בעש״טס פּאָפּולערקייט און באַליבטקייט ביי דעם ברייטן עולם — איז געווען זיין פשטותדיקע פאָלקסטימלעכקייט.

ווי אַ היפוך צו אַלע אַנדערע מיסטיקער, וועלכע זענען פול מיט קרענקלעכער מרה־שחורה און בייזקייט, איז דער בעש״ט געווען אַ געזונטער, פריילעכער מענטש, האָט ליב געהאַט אַ סך צו שפּאַצירן, שמועסן, האָט געפילט אַ שטאַרקע צוגעבונדנקייט צו דער נאַטור — צו וואַלד, פעלד, בוים און גרעזל. ווינט און לופט.

ער האָט שנאת־מות פיינט געהאַט אומעט און מרה־שחורה.

ער איז נישט געווען קיין דרשן, ער איז אָבער געווען אַ זעלטענער ש ט ו ע ס ע ר. ער פלעגט שיטן מיט משלים, שפּרוכן, אויסטייטשונגען, ווערטלעך און זאָגעכצן, וואָס פלעגן פאַרוואונדערן מיט זייער אָריגינעלקייט.

„... אַמאָל איז געווען אַ מלך, האָט ער זיין זון, דעם בן־מלך, אין אַ ווייטער מדינה אַוועקגעשיקט, כדי אַז ער וועט צוריקקומען — זאָל ער נאָך מער צופרידן זיין דערפון, וואָס ער טוט זיך אין קיניגס הויז געפינען. אָבער דערווייל האָט זיך דער בן־מלך פון די קיניגלעכע תענוגים

אָפּגעוואוינט און אָן קיניגס הויז פּאַרגעסן. ער האָט מער זיך אומקערן נישט געוואָלט. האָט זיך איינער אַ קלוגער שר געפונען, וואָס האָט זיך אין אַזעלכע קליידער, ווי דער בן-מלך אָנגעטון און מיט זיין לשון גערעדט – און ער האָט דעם בן-מלך צו זיין פאָטער צוריקגעבּרענגט.

„דעריבּער קליידט זיך אויך די תּורה אין משלים און אין מענטשלעכע פאָרשטעלונגען...״

„...פאַראַן מענטשן, אַז זיי דערהערן: אַ גנב איז אין זייער הויז, הויבּן זיי אָן שרייען און טומלען, אַז דער גנב אַנטלויפט באַלד און פאַרשווינדט. דאָס זענען פּחדנים. מענטשן דרייסטע שווייגן אַ ווייל, לאָזן דעם גנב צונויפנעמען די זאַכן און ערשט, ווען ער פאַרנעמט זיך שוין צו אַנטלויפן, כאַפּן זיי אים און בינדן אים.

„ס׳זענען אויך פאַראַן פרומע לייט, וואָס ווי נאָר דער יצר-הרע קומט צו זיי, לאָזן זיי אים באַלד נישט צו צו זיך און פאַרטרייבּן אים. אָבּער דער אמתער, שטאַרקער ירא-שמים גיט אים אין תּחילת כּלומרשט נאָך. דערנאָך פאַקט ער אים און פאַרוואַנדלט די עבירה אין אַ מצווה...״

ענלעכע משלים ווערן דערציילט נאָכן בעש״ט אַ גאַנצע ריי.

ער פלעגט קומען אויפן מאַרק, צווישן פּראָסטן פאָלק און צו אָט די פאַרהאָרעוועטע, פאַרהאַוועטע יידן האָט ער גערעדט וועגן הויכע זאַכן מיט פּשוטע רייד.

— אָט גייט דער „בעל-שם״! — פלעגן זיי זאָגן איינער צום אַנדערן מיט צופרידנקייט.

ער פלעגט זיינע רייד באַפּוצן מיט משלים, וואָס זע-נען געווען נאָענט זייער השגה -- משלים, אין וועלכע ס׳האָבּן פיגורירט פערד, קעלבער, תּבואה און אַנדערע

סחורות, – אַלץ זאַכן, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַט צו טון אין זייער טאָג-טעגלעכן לעבן.

ער איז געקומען צו די דאָזיקע פּראָסטע מענטשן פון פאָלק, וועלכע האָבן זיך געפילט געפאַלן צוליב זייער אומגעלערנטקייט און ער האָט זיי געטרייסט:

– גאָט איז נישט נאָר אין די פּיל-בלעטערדיקע ספרים און נישט נאָר די וואויל-קענעוודיקע און געלערנטע האָבן אַ צוטריט צו אים. גאָט איז אומעטום און דינען קאָן מען אים אויף די פאַרשידנסטע אופנים, נישט דוקא דורך לערנען און דאַווענען; ס'קאָן גאָר זיין דורך אַ פּשוט וואָרט, וואָס מ'רעדט אַרויס אויפן מאַרק איינער צום אַנדערן.

די מאַרק-לייט זענען צופרידן. זייערע אויגן שיינען פון גליק:

„הייסט עס, אַז יענע, די „שיינע יידן", די וואויל-קענעוודיקע, זענען נישט די איינציקע יחסנים ביי גאָט און מיר, פּראָסטאַקעס, זענען אויך נאָך עפּעס ווערט".

– אַ טייערער בעל-שם...

אַזוי האָט דער בעש"ט געוואונען די הערצער פונם ברייטן עולם.

דער עולם האָט אים נישט בלויז פאַרערט אַלס „הייליקן מאַן", וואָס קאָן וואונדער באַווייזן, נאָר האָט אים אויך ליב געהאַט, ווי אַ טרייסטער און לערער.

## מעדזשיבאָזש – דער צענטער פון חסידות

צווישן די יאָרן 1740–1747 קומט פאָר אַ גרויסע ענדערונג אינם בעש"טס לעבן.

ער האָט זיך אַרויסגעצויגן פון טלוסט און זיך באַ-

זעצט אין מעדזשיבאָזש (Międzyborz), אין פּאָדאָליע, וואו ער האָט שוין געוואוינט ביזן טויט.

אַן ערך צוואַנציק יאָר צייט איז מעדזשיבאָזש געווען דער צענטער פון דער חסידיסטישער באַוועגונג.

אויב ביז דער מעדזשיבאָזשער תקופה האָט דער בעש"ט געוואונען דעם ברייטן עולם — די פאָלקסמאַסע — אַדאַנק זיינע „מופתים", האָט ער איצט געוואונען אָנהענגער צווישן לומדים — ווייל ער האָט אָנגעהויבן פּרעדיקן זיין נייע שיטה. אויב פריער פלעגט דער בעש"ט אַרומפאָרן איבער די קהלות און ישובים — איז מען איצט פון די קהלות און ישובים צו אים געפאָרן — נישט נאָר נאָך „מופתים", נאָר אויך כדי צו הערן תורה.

לומדים, מקובלים, אַפילו רבנים, וועלכע זענען אומצופרידן געווען מיטן אַלטן אופן פון לערנען, מיטן אויסגעטרוקנטן אַסקעטיזם, און געזוכט אַ נייעם וועג — זענען געקומען צום בעש"ט.

נישט אַלע זענען געקומען מיט די זעלבע כוונות. די פלאַכערע, די פּוסטערע — זענען געקומען אויס נייגיר: זיי האָבן געוואָלט „אַליין" זען דעם נייעם וואונדער-באַוויי־זער, הערן זיינס אַ טשעקאַווע וואָרט, און אפשר טאַקע זען עפּעס אַ קונצשטיק, אַ מופת. די ערנסטערע און טיפערע זענען געקומען מיט דער האָפענונג צו געפינען אַ מדריך, וואָס וועט פאַר זיי עפענען נייע האָריזאָנטן.

אין די רייען פונם בעש"טס חסידים האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַזעלכע אָנגעזעענע לייט, ווי יעקב-יוסף הכהן, וועלכער איז געווען רב אין עטלעכע פּאָדאָליער קהלות, און דער וואָלינער מגיד דוב-בער—צוויי זיילן פונם חסידיזם נאָכן בעש"טס טויט.

ס׳האָט ענדלעך אויך שלום נעמאַכט מיטן בעש״ט זיין שוואָגער אברהם-גרשון קוטעווער, דער בראָדער רב.

די לעגענדע דערציילט, אַז צום בעש״ט זענען געקו־מען אַ ריי רבנים מיט דער דעה אים מנצח צו זיין אין אַ וויכוח, אָבער ער איז פון אַלע וויכוחים אַרויס מיט נצחון.

דער בעש״ט האָט זיך אויך פאַרנומען מיט כלל-ענינים. פרנסה האָט אים נישט געפעלט: ער האָט געהאַט אַ באַ־דייטנדיקע הכנסה פון זיינע קמיצות און סגולות, פון פדיונות. ער פלעגט אַליין זיין אַ געבער: ער האָט געטיילט צדקה אָרעמע לייט און פלעגט געבן געלט אויף „פדיון שבויים״ — באַצאָלן חובות פאַר אָרעמערע אַרענדאַרן, וועלכע די פריצים זייערע פלעגן איינזעצן צוזאַמען מיט זייער הויזגעזינט דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן דאָס אַרענדע־געלט. אין געפאַנגענשאַפט פלעגט מען זיי פייניקן מיט מוראדיקע עינויים, ביז יידן פלעגן זיך דערבאַרעמען אויף זיי, אָפּצאָלן זייערע חובות און אויסלייזן זיי פון געפאַנגענשאַפט.

אַ חוץ דעם איז דעמאָלט אין אוקראַאינע קיין איין פאַר־פסח נישט אַדורך אָן אַן עלילת־דם. ביי יעדן בלבול פלעגט מען אומברענגען יידן מיט אַן אכזריותדיקן טויט און מען פלעגט דעריבער זאַמלען געלט פאַר די איבערגע־בליבענע אַלמנות און יתומים פון די קדושים.

דער בעש״ט פלעגט שטענדיק אויפציטערן ביי אַזעלכע אומגליקן.

ווען די מגידים פלעגן מוסרן דעם עולם, פלעגט עס ביי אים אַרויסרופן גרויס כעס.

ווי די לעגענדע דערציילט, האָט ער איינעם אַ דרשן,

וואָס האָט זיך געוואונדערט אויף דעם בעש"טס כעס אויף אים, אַזוי געזאָגט:

— שלעכטס רעדסטו אויף יידן? צי ווייסטו נישט, אַז אַ ייד גייט יעדן טאָג אין מאַרק אַרויס אויף ברויט פאַרדינען און פאַרנאַכט איילט ער זיך: „אוי וויי, איך וועל מנחה דאַווענען פאַרשפּעטיקן!" און לויפט אַריין אין דער ערשטער־בעסטער שטוב און דאַוונט מנחה און ווייסט נישט דערביי דעם טייטש פון קיין איין וואָרט, וואָס ער זאָגט, און פונדעסטוועגן ווערן די מלאכים אין הימל פאַרציטערט פונם דאָזיקן דאַווענען!...

---

אָבער וואָסערע איז געווען דעם בעש"טס שיטה, וואָס האָט ער געלערנט און וואָס האָט ער מחדש געווען?

דער בעש"ט האָט זיינע געדאַנקען בלויז מינדלעך איבערגעגעבן, ער האָט זיי נישט פאַרשריבן און קיין שום ספרים נישט איבערגעלאָזט. אָבער זיינע תורות זענען פאַרשריבן געוואָרן דורך זיינע תלמידים, וועלכע האָבן זיי דערנאָך פאַרעפנטלעכט אין דרוק.

די דאָזיקע ספרים גיבן אונז אַ בילד פונם בעש"טס געדאַנקען־גאַנג, פון זיין ס י ס ט ע ם.

## די שיטה פון בעש"ט

אָט וואָס דער בעש"ט האָט געלערנט:

צווישן דער געטלעכער וועלט און דער מענטשלעכער איז דער חילוק בלויז אַן אויסערלעכער. אין דער אמתן זענען די ביידע וועלטן פאַרבונדן צווישן זיך און באַווירקן זיך קעגנזייטיק.

„אַלץ, וואָס געפינט זיך אויבן און אונטן, איז איין זאַך. אַזוי אַרום – קוקסטו אויף גאָט און גאָט קוקט אויף דיר.‟
„יעדע זאַך האָט זיין אינעווייניקסט, געטלעך לעבן.‟
„ווי געשריגן! די וועלט איז דאָך פול מיט וואונדערלעכע און שרעקלעכע סודות און פּאַסירונגען! און די קליינע האַנט פאַרשטעלט די אויגן און לאָזט זיי נישט זען די גרויסע ליכטיקייט.‟
דער פּרינציפּ פון דער קבלה, אַז די וועלט איז בלויז אַן אויסשטראַלונג פון דער געטלעכקייט, אַז אין איר זענען אויסגעמישט גשמיות און רוחניות – נעמט ביים בעש״ט אָן אַן אַבסאָלוטע פאָרם: גאָט איז תמיד אין דער יצירה. די נאַטור איז בלויז דער לבוש פון דער גאָטהייט, וועלכע איז אין איר פאַרבאָרגן. די אויפגאַבע פונם מענטש איז – אַנטפּלעקן די נשמהדיקייט פון דער וועלט.
דער געדאַנק, אַז „גאָט איז אומעטום‟ („מלא כל הארץ כבודו‟) איז דער פונדאַמענט פונם בעש״טס געדאַנקען־גאַנג.
„זאָלסט טראַכטן: אַלץ, וואָס אויף דער וועלט איז, איז פול מיט גאָט; אַלץ, וואָס ווערט אויף דער ערד געטון מיטן כוח פונם מענטשלעכן געדאַנק – פון גאָטס השגחה איז עס.‟
דער גלויבן אין דער געטלעכער השגחה דערגייט דאָ צו די ווייטסטע גרענעצן.
„גאָט איז דער האַר פון אַלע באַשעפעניש. ער קאָן טון אַלץ, וואָס מיר ווילן – דעריבער איז גוט פאַר אונז זיך צו פאַרלאָזן אויף אים.‟
„גיב אַ טראַכט: אַלץ, וואָס ציט צו אָדער שרעקט דיין האַרץ – בלויז אַ פאַרבייגייענדיקער שאָטן איז עס

אין דער וועלט, וועלכע גאָט האָט מיט איין וואָרט באַשאַפן. היינט קאָנסטו שוין פאַרשטיין די נישטיקייט פון אַלע דיינע גלוסטונגען און דאגות לגבי דעם, וואָס דו ביסט מסוגל משיג צו זיין, ווען דו וועסט באַהעפטן דיין געדאַנק מיט דער אויבערשטער וועלט".

„טאָמער זעסטו עטוואָס אַזוינס, וואָס שרעקט זיין הערץ, דעמאָלט זאָג זיך: דאָס איז דאָך אַ מענטש, ווי איך, אָדער אַ פשיטא נאָך אַ בהמה, אָדער אַ חיה. נאָר וואָס דען? גאָט האָט זיך פאַרקליידט דערין. היינט-זשע ווי דאַרף איך מורא האָבן פאַר אים אַליין?"

„ווען דו זעסט אַ שיינע פרוי — טראַכט זיך: פון וואַנען נעמט זיך איר שיינקייט? גאָט, וואָס איז אין איר, גיט איר דעם כוח פון שיינקייט. דער שורש פון איר שיינקייט איז בכן די געטלעכע קראַפט. צוליב וואָס זשע זיך יאָגן נאָך אַ טייל, ווען דו קאָנסט זיך מיטן שורש באַהעפטן?"

די הויפּטזאַך איז: באַהעפטן די מחשבה מיט גאָט (דביקות). דאָס שטאַרקט דעם גייסט, גיט כוח בייצושטיין ליידן, סכנות און נסיונות.

אין סך-הכל איז דעם בעש"טס וועלט-קוק אַן אָפּטימיסטישער. נישטאָ קיין שלעכטס.

„דאָס שלעכטס איז בלויז די אונטערשטע מדרגה פונם גוטן. ווען שלעכטס איז גורם גוטס — איז עס אַ טרעפּל בלויז צום גוטן אַרויף."

וואָס ס'איז נוגע דער פראַגע וועגן דעם זין, דעם „תכלית" פון לעבן — זאָגט דער בעש"ט:

„דאָס לעבן, די עקזיסטענץ פון דער וועלט, איז אַ

תכלית פאַר זיך; דער מענטש, וואָס לעבט אין פרייד, טוט דערמיט דעם ווילן פון זיין באַשעפער."

אויף דער פראַגע:

— אויב גאָט נעמט אַרום אַלע וועלטן און באַשעפעניש, דאָס גוטע, ווי דאָס שלעכטע, היינט-זשע ווי קאָן ער אַריינגעמען צוויי קעגנזאַצן אין איין סוביעקט?

ענטפערט דער בעש"ט:

„דאָס שלעכטס איז אַ טרעפּל צום גוטן בלויז. ווען דער גוטער זעט די שלעכטע מעשים פונם שלעכטן — האָט ער הנאה דערפון, וואָס ער איז אַ גוטער. זיי דעריבער תמיד בשמחה און גלויב, אַז גאָט קאָן טון וואָס ער וויל. אין איין רגע מאַכט ער אַלע וועלטן חרוב און בויט צוריק זיי אויף. אין אים זענען אַלע גוטסקייטן און ביטערנישן פון דער וועלט. אין יעדער זאַך איז זיין שפע און באַלעבונג."

אָבער וועלכע זענען די וועגן, וואָס פירן צו דער באַהעפטונג מיט גאָט?

דער ערשטער וועג איז: תפילה. זי רוקט אַוועק דעם פאַרחאַנג, וואָס טיילט אָפּ דער מענטש פון גאָט. דעריבער דאַרף מען מתפלל זיין מיט טיפער כוונה און התלהבות.

בשעת תפילה דאַרף מען זיין אויסגעטון פון דער גשמיות און פילן זיך ווי מחוץ דער אונטערשטער מאַטעריעלער וועלט. פאַר דער תפילה דאַרף מען זיך פילן, ווי מ'וואָלט גרייט געווען צו שטאַרבן מחמת גרויס כוונה.

כדי צו פאַרטרייבן מחשבות זרות (זייטיקע געדאַנקען) מעג מען זיך באַנוצן מיט קערפּערלעכע מיטלען, ווי שאָקלען זיך, שפּרינגען, זינגען א. ד. גל.

„תפילה-דאָס איז אַ זיווג מיט דער שכינה. פונקט ווי

ביים זיווג שאָקלט מען זיך פריער, דאַרף מען אויך ביים דאַווענען זיך פריער שאָקלען און דערנאָך שטיין אָן באַוועגונג, זיין באַהעפט מיט דער שכינה אין גרויסער דביקות."
לייגט נישט קיין אַכט אויפן חוזק פון די אַרומשטייענדיקע.
„ווען עמעץ טרינקט זיך און מאַכט משונהדיקע באַוועגונגען, כדי זיך צו ראַטעווען, קאָן אויך עמעץ, וואָס פאַרשטייט אים נישט, לאַכן פון אים. דו ראַטעווסט זיך אויך פון קליפות און מחשבות זרות."
„מיטן דאַווענען און לערנען ברענגסטו אַ שפע אויף אַלע וועלטן. מלאכים ווערן פון דיין תפילה געשפייזט."
„אַ לייטער שטייט אויף דער ערד און איר שפיץ גרייכט אין הימל אַריין. דיין טואונג, דיינע תנועות, דיינע רייד מאַכן אַ רושם אויבן."
און נאָך אַ וועג איז דאָ צו דער באַהעפטונג מיט גאָט: לערנען תורה. אָבער נאָר דעמאָלט, ווען דאָס לערנען ווערט צו אַ תפילה און ציט דעם געדאַנק אויבן אַרויף.
„זאָלסט ביים לערנען נישט טראַכטן וועגן עפעס אַנדערש, ווי נאָר וועגן באַהעפטן זיך מיט גאָט און וועגן דעם לערנען. זאָלסט לערנען מיט קראַפט, מיט גרויסער פרייד."
„דער, וואָס לערנט מיט ליבשאַפט, מיט התלהבות — פאַר דעם שיינט אויף דאָס ליכט, וואָס איז אין דער תורה. און מעג ער אַפילו נישט אַזוי גוט פאַרשטיין, וועט אים גאָט דאָס נישט פאַראיבל נעמען, פונקט ווי אַ פאָטער וועט נישט פאַראיבל נעמען זיין קינד, ווען ס׳וועט צו אים רעדן, פאַרהיפערנדיק ווערטער — פאַרקערט, ס׳וועט אים הנאה פאַרשאַפן".

„דער יצר־הרע רעדט נישט אָן אין גאַנצן נישט צו לערנען. ער ווייס, אַז מע וועט אים נישט פאָלגן, ווייל אַ למדן איז אָנגעזען אין דער וועלט און דאָס לערנען לוינט זיך – ער הייסט דעריבער בלויז נישט לערנען דאָס, וואָס גיט צו יראת שמים: מוסר־ספרים, שלחן־ערוך, נאָר בלויז גמרא און מפרשים. איז שוין בעסער דער פשוטער מענטש, וואָס קען בלויז דאַוונען. ווייל הויכע זאַכן ווערן אַנטפּלעקט נישט דורך לערנען, נאָר דורך תפילה״

טבילה, האַלט דער בעש״ט, איז בעסער, ווי תענית,. ווייל דאָס ערשטע שטאַרקט דעם מענטש, בשעת דאָס צווייטע שוואַכט אים אָפּ.

מע דאַרף פאַרטרייבן דעם טרויער, ווייל דער צער און די עצבות מאַכן קליינקעפּלדיק און ענגהאַרציק.

„וויינען איז שלעכט, נאָר דאָס געוויין מחמת שמחה איז זייער גוט״.

„טיילמאָל גנבעט זיך דער יצר־הרע אונטער מיט ערמה: ער זאָגט דעם מענטש, אַז ער האָט אַ גרויסע עברה אָפּגעטון, בעת אין דער אמתן איז עס בלויז אַ חומרא געווען. אַזוי אַרום וויל ער דעם מענטש דורך עצבות פון עבודת הבורא אָפּציען. דער מענטש דאַרף דעריבער דע־מאָלט זאָגן: איך האַלט נישט פון דער חומרא. דו ווילסט אויף מיר עצבות אָנוואַרפן, אָבער איך וועל דינען גאָט מיט פרייד, נישט כדי זיך אַ תענוג צו פאַרשאַפן, נייערט גאָט אַ נחת אָנצוטון״.

„נישט אַ סך מצוות אָפּהיטן איז דער עיקר. דער עיקר איז: ווי אַזוי אָפּהיטן״.

„אַפילו אויב דו ביסט נכשל געוואָרן מיט אַן עבירה – לאָז צו זיך נישט צו צופיל עצבות״.

„אויב עמיץ האָט חשק צו פאַסטן – זאָל ער פאַסטן. אָבער בעסער איז פרייד. פאַסטן ברענגט עצבות“.

„וואָס דעם מענטש זאָל נישט טרעפן – זאָל פאַר אים זיין גלייך: סיי ווען מע לויבט אים, סיי ווען מען באַשימפּט אים, סיי ווען ער עסט זיסע זאַכן, סיי ביטערע“.

„דינען גאָט קאָן מען נישט בלויז מיט תפילה און לערנען, נייערט מיטן גאַנצן לעבן. מע דאַרף זען די שכינה פאַרבאָרגן אין די גשמיותדיקע זאַכן - דאָס איז עבודה בקטנות (דינען גאָט מיט קלייניקייטן).

„ווען מענטשן רעדן דברים בטלים און איך זיץ צווישן זיי, באַהעפט איך זיך מיט גאָט און פאַרבינד זייערע רייד מער ווי בשעת לערנען. אין אַלעם זענען דאָ הייליקע פונ־קען (ניצוצות קדושים) – אַפילו אין העלצער און אין שטיי־נער, אין אַלע טועכצן. אַפילו אין עבירות. בשעת תשובה דערהויבט דער מענטש די ניצוצות וואָס אין דער עבירה צו דער אויבערשטער וועלט“.

אין צושטאַנד פון דערהויבונג פון דער נשמה איז דער מענטש אין שטאַנד צו הערן רופן פון „אויבן“. לויטן בעש"ט זענען די דאָזיקע רופן נישט די רייד פון גאָט, נייערט אָפּקלאַנגען פונם געדאַנק, וואָס איז קאָנצענטרירט אין דער אידעען־וועלט (עולם האצילות) און ער באַקומט פון דאָרט אָנצוהערענישן, וואָס אין זיי איז אַ שטיק נבואה.

פאַראַן עטלעכע מדרגות פון חסידות – דאָס הייסט: אין דינסט פון דבקות און אויפהויבן די מחשבה צום אויבערשטן קוואַל.

צו דער העכסטער מדרגה דערגרייכט דער „צדיק“. אַזוי ווי נישט יעדער איז זוכה צו באַהעפטן זיך מיטן קוואַל פון יצירה – איז דער צדיק דער פאַרמיטלער

צווישן דער אויבערשטער וועלט און דער אונטערשטער.

„גאָט האָט תענוג פונם צדיקס מעשים, פון זיין לער־נען און תפילה טון".

דער פשוטער חסיד דאַרף גלויבן אינם „צדיק", אפילו דעמאָלט, ווען ער, דער „צדיק", איז פאַרזונקען אין די „הבלי עולם־הזה" (אין די נאַרישקייטן פון דער ערדישער וועלט).

„אָפטמאָל פאַלט דער צדיק אַראָפּ פון זיין מדרגה און ער דינט גאָט בקטנות, דאָס הייסט: ער איז נישט מתפלל מיט גרויס כוונה און גייט אַרום פוסט און פּאַסט. ווען דער פשוטער מענטש זעט דאָס — טראַכט ער זיך: איך וועל אויך אַזוי טון".

אָבער דער פשוטער מענטש טאָר זיך נישט גלייכן צום צדיק, וואָס אַפילו מיט זיינע דברים בטלים פאַרריכט ער עפּעס (איז מתקן תיקונים), ער דערהויבט זייערע „פונ־קען" פון אַלטאָג צו הייליקייט.

נאָר ווען דער חסיד גלויבט אינם „צדיק" מיט אַ פולן גלויבן — איז דער „צדיק" ביכולת זיך משתדל צו זיין פאַר אים אין די אויבערשטע וועלטן.

ס'איז אַ מצווה נאָכצודערציילן די „ניסים" און „מופ־תים", וואָס דער „צדיק" באַווייזט, כדי דעם עולם צו אים צוצוציען.

ווער ס'דערציילט־נאָך שבחים וועגן „צדיקים" — איז גלייך ער וואָלט „מעשה מרכבה" געלערנט".

---

ווען מיר נעמען ארויס דעם קערן פון די אויביקע געדאַנקען, וועלכע דער בעש"ט האָט אַרויסגעזאָגט, באַקומט

זיך אַ מיסטישער פּאַנטעאיזם,*) וואָס איז קעגנזעצלעך צוּ שפּינאָזעס ראַציאָנאַליסטישן (שכלדיקן) אָדער פילאָזאָפישן פּאַנטעאיזם.

ביי שפּינאָזען איז די גאָטהייט אַ סובסטאַנץ, וואָס האָט נישט קיין פאַרבינדונג מיט דער אינערלעכער וועלט פונם מענטש, זי ווירקט נישט אויף אים און ווערט פון אים נישט באַווירקט; מען קאָן צו איר נישט מתפלל זיין, ווייל זי איז אַבסאָלוטע אַבסטראַקציע; שפּינאָזעס ליבע צו דער גאָטהייט — איז בלויז באַגייסטערונג פונם געדאַנק וועגן דער גרויסקייט פון דער יצירה; שפּינאָזע לייקנט נישט נאָר אין השגחה פּרטית, נאָר בכלל אין דער השגחה און פירונג פון דער וועלט.

דער בעש"ט שטעלט דאָס געפיל איבערן וויסן, דעם גלויבן איבערן פאָרשן.

דערביי אָבער שטעלט ער אויך, אין היפּך צו אַנדערע מיסטיקער, די מונטערקייט איבער דער געדריקטקייט, וואָס קומט פון פייניקן דעם גוף, די אהבה (ליבשאַפט) איבער דער יראה (מורא), די כוונה איבער דער אויסערלעכער דיסציפּלין.

צי האָט דער בעש"ט געהאַט פאָרגייער?

נאָך פאַרן בעש"ט זענען געווען „חסידים"; אָבער דאָס זענען געווען אַסקעטן, וועלכע האָבן „אָפּגעריכט גלות", פייניקנדיק זיך און אַרומוואַלגערנדיק זיך נע-ונד, בעת דער בעש"ט האָט געפּריידיקט לעבנס-פרייד און מונטערקייט.

ווי שוין אויבן דערמאָנט, זענען אויך פאַרן בעש"ט

---

*) אַ פילאָזאָפישע אָנשויאונג, וועלכע אָנערקענט די נאַטור אַלס גאָט און אידענטיפיצירט גאָט מיט דער אַלוועלט.

געווען פאַרשידענע „בעלי־שם“, אָבער יענע האָבן זיך דער עיקר פאַרנומען מיט „דיבוקים“־טרייבעריי און אָנגעוואָרפן פּחד און מרה־שחורה.

דער מקור אָבער פון דער חסידות איז געווען די קבלה. דער חסידיזם איז אייגנטלעך געווען איר דריטע תקופה.

איר ערשטע תקופה איז געווען אין שפּאַניע און אין דער שכנישער פּראָוואַנס אין 13—15־טן יאָרהונדערט. זי איז געקומען ווי אַ רעאַקציע קעגן דעם רמב״מס ראַציאָנאַליס־טישער רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע; ס׳איז געווען אַ בונט פון דער אַנטי־ראַציאָנאַליסטישער טעאָזאָפיע *) קעגן דער הער־שאַפט פונם שכל. די קבלה האָט אויסגעברייטערט די טע־אָריע פון עמאַנאַציע **), וועלכע זי האָט איבערגענומען ביי די נעאָפּלאַטאָניקער און צענומען די מחיצה צווישן דעם שכל און דער פאַנטאַזיע.

אָבער דער בליענדיקער יידישער קיבוץ אין שפּאַניע איז צעשמעטערט און צעריסן געוואָרן. די כוואַליעס פונם מיטללענדישן ים האָבן זיינע ברעקלעך צעטראָגן אין אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט.

אַ טייל פון די שפּאַנישע יידן האָט זיך איבערגע־טראָגן קיין טערקיי און פּאַלעסטינע. אין 16־טן יאָרהונדערט איז זיך דאָרט פונאַנדערגעוואַקסן אַ יידישער צענטער.

דער עלנד, די אָרעמקייט און די פינסטערניש זענען געווען אַ גינסטיקער באָדן פאַר דער אַנטשטייאונג פון אַ

---

*) גאָט־דערקענטעניש אויף אַ פילאָזאָפישן יסוד.

**) אַז אַלץ, וואָס עקזיסטירט, איז אַן אויסשטראַלונג פון דער גאָטהייט.

מיסטישער באַוועגונג, ווי אַ רעזולטאַט פון קראַנקהאַפּטיקער מרה־שחורה.

עס הויבט זיך אָן די צווייטע תקופה פון דער קבלה.

אין דער צווייטער העלפט פון 16 יאָרהונדערט אַנט־וויקלט זיך די שיטה פון אר״י, אליהו די ווידאַש, חיים וויטאַל — די אַזוי־גערופענע „פּראַקטישע קבלה״. דורך אַס־קעטישע פייניקונגען האָבן זיי זיך באַמיט צו ווירקן אויף די אויבערשטע וועלטן, בעת די טעאָרעטישע קבלה פון דער ערשטער תקופה האָט בעיקר געוואָלט דערגיין דעם סוד פון דער אויבערשטער השפעה.

די „פּראַקטישע קבלה״ האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר די משיח־באַוועגונגען פון 17־טן און 18־טן יאָרהונ־דערט. זי איז פאַרשפּרייט געווען אין אַלע יידישע קיבוצים, בפרט אין פוילן, וואו זי האָט געפונען אַ גינסטיקן באָדן.

אין דער ערשטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט איז דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער מצב פון די יידן אין פוילן זייער אַ טרויעריקער.

עס מערקן זיך דייטלעכע סימנים פון ירידה און דע־גענעראַציע אין אַלע געביטן פונם פּוילישן מלוכה־לעבן נאָך דעם קאָזאַקן־אויפשטאַנד און די אַנדערע אומרוען פון דער פריערדיקער תקופה.

דער סאָציאַלער בנין, וואָס אָן זיינע מיטלסטע שטאָקן האָבן די יידן געפונען אַן אָנהאַלט אין משך פון אַ לאַנגער צייט, האָט ביסלעכווייז זיך גענומען איינלייגן.

דער מצב פון די פּוילישע יידן איז מיט יעדן יאָר אַלץ ערגער געוואָרן.

פון אויבן — זענען די יידן געדריקט געוואָרן דורך די פּריצים, גלחים, באַאַמטע; פון אונטן — האָבן זיי גע־

קריגן קלעפּ פון די פּוילישע און רוסישע „מיעשטשאַנעס" (שטאָטלייט) און פון די פינסטערע, אונטערדריקטע פויערים. די מאַסן-באַוועגונגען פון די אונטערשטע שיכטן קעגן זייערע אונטערדריקער – די אויבערשטע קלאַסן – זענען געווען געווענדעט קעגן די יידן. ספּעציעל די אוקריינישע פויערים-אויפשטאַנדן; די אוקריינישע פויערים האָבן געזען אין די יידן, וועלכע זענען געווען אַ געצייג אין די הענט פון די פּריצים, די דירעקטע אונטערדריקער און דער גאַנצער אָנגעזאַמלטער, בלוטיקער האַס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די יידישע קעפּ.

די קאָזאַקן-אויפשטאַנדן פון מיטן 17-טן יאָרהונדערט, וועלכע האָבן אויפגעטרייסלט דעם גאַנצן פּאָליטישן אָרגאַניזם פון פּוילן, האָבן פּאַרטיליקט אַ גרויסן טייל פון די יידן אין אוקריינע און די יידן פון די איבעריקע געגנטן רואינירט מאַטעריעל.

דריי הונדערט יידישע קהלות האָבן די קאָזאַקן חרוב געמאַכט.

ווען די חורבות זענען שוין געווען צוריק אָפּגעבויט – האָט אויסגעבראָכן דער שוועדישער קריג (1648–1658) און שפּעטער די דויערנדיקע אינערלעכע אַנאַרכיע פון אָנהויב 18-טן יאָרהונדערט.

די רעגירונג, האָבנדיק אַן אויסגעלײדיקטע מלוכה-קאַסע, האָט פאַרגרעסערט די שטייער-לאַסט. די יידישע קהילות האָבן פאַר איר געדינט ווי אַ קוואַל פון הכנסות, נישט געקוקט אויף זייער כסדרדיקער פאַראָרעמונג.

דערביי האָט מען אַרויסגענומען פון יידישע הענט אַלע גרויסע געשעפטן: די אויסאַרבעטונג פון די מעטאַל-גרובן און זאַלץ-גרובן, די אַרענדע פון די דאָזיקע גרובן,

די אַרענדע פון די גרענעץ־אָפּצאָלן און אַקציזן; מען האָט פאַרווערט יידן צו קויפן ערד און גיטער אין די דערפער, מ'האָט באַגרענעצט זייערע רעכט צו האַנדלען און פאַרנע־מען זיך מיט מלאכה; אין טייל געגנטן, למשל אין מאַ־זאָוויע, און אין אייניקע שטעט האָט מען יידן נישט דער־לויבט צו וואוינען. די יידן זענען אַריינגעשטופּט געוואָרן אינם קליינעם האַנדל, זיי האָבן געהאַלטן אין אַרענדע קרעטשמעס, שענקען אין די פּריצישע גיטער; זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט די פּשוטסטע מלאכות, מיט מעקלעריי.

צו דעם זענען צוגעקומען די פּלאָגן פון עלילת־דם־פּראָצעסן מיט שרעקלעכע אורטיילן פון צעשניידן אויף שטי־קער און גרויליקע פּייניקונגען.

די שווערע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע לאַגע האָט גורם־געווען דאָס פאַרוואַרפן דאָס לערנען און די פאַרשפּרייטונג פון דער עם־הארצות. די דיסטאַנץ צווישן עם־הארץ און תלמיד־חכם איז כסדר געוואַקסן. ספּעציעל אין וואָלין, פּאָ־דאָליע און מזרח־גאַליציע, וועלכע האָבן באַזונדערס שווער געליטן פון די מלחמות און היידאַמאַקישע קאָזאַקן־אויפ־שטאַנדן.

אויפן דאָזיקן סאָציאַלן פּאָן האָט זיך ברייט פונאַנ־דערגעבליט אַ פינסטערער פאַנאַטיזם. חוץ דעם תלמוד און דער רבנישער ליטעראַטור האָט מען גאָרנישט געטאָרט לער־נען אָדער לייענען. די רעליגיעזע פילאָזאָפיע איז פּונקט ווי די וועלטלעכע וויסנשאַפט באַטראַכט געוואָרן ווי אַפּי־קורסות און כפירה.

אין דער דאָזיקער חשכות האָט פּאַר זיך געפונען אַ נעסט די „פּראַקטישע קבלה", די מיסטיק.

ווי אַ רעאַקציע קעגן דעם דאָזיקן מצב איז געקומען

די דריטע תקופה פון דער קבלה — אין דער פאָרם פונם חסידיזם.

די „פּראַקטישע קבלה" איז געווען קאָמפּראָמיטירט נאָך די דורכפאַלן מיט די פאַלשע משיחים און דער חסידיזם האָט די קבלה געדאַרפט רעהאַביליטירן, פאַרקירעווענדיק זי אויף אַנדערע וועגן.

דעם חסידיזם איז פרעמד געווען אי דער טעאָזאָפי־שער שוואונג פון דער טעאָרעטישער קבלה, אי דער קרענק־לעכער אַסקעטיזם פון דער „פּראַקטישער קבלה". דער עיקר איז ביי אים געווען דער תמימותדיקער גלויבן, דאָס „באַ־העפטן זיך מיט גאָט" דורך תפילה און כוונה, דורך גוטע מעשים, רעליגיעזער התלהבות און שמחה.

ס'איז נישט דווקא נויטיק תורה — ס'איז גענוג צו גלויבן אין ניסים. אין דעם „גוטן ייד" — און דער „פּראָס־טאַק", דער „הדיוט" הויבט זיך אויף צו דער מדרגה פון דעם אמתן מאַמין.

אויב די קבלה האָט די ערד צום הימל אויפגעהויבן — האָט דער חסידיזם דעם הימל צו דער ערד אַראָפּגעבויגן.

דער בעש"ט, — דערציילט אַ לעגענדע, — האָט אַמאָל זיי־נע תלמידים אַזאַ מעשה דערציילט:

...איינער אַ למדן האָט מיט אַ פּראָסטן באַלמעלאָכע אין איין הויז געוואוינט. ביידע פלעגן זיי יעדן טאָג באַ־גינען אויפשטיין. דער למדן איז אין בית־המדרש אַריין לער־נען געגאַנגען און דער באַלמעלאָכע איז צו זיין שווערער אַרבעט אַוועק. דער למדן איז ביז מיטאָג אַ פּאַרטיפטער אין לערנען אין בית־מדרש געזעסן און אַ צופרידענער פון זיך איז ער זיך בנעימות אַהיימגעגאַנגען. אויפן וועג האָט ער זיין שכן באַגעגנט, וואָס איז אויך אַהיים פון זיין

שווערער פּאַרמאַטערנדיקער פּראַצע געגאַנגען, און געזען ווי יענער כאַפּט זיך אַריין אויף אַ ווייל אין בית־מדרש אַריין, כדי מיט מנין אָפּצודאַווענען.

מיט ביטול האָט זיך דעמאָלט דער למדן געטראַכט:

„איך האָב היינט אַזויפיל געלערנט און אַזויפיל גע־דאַווענט און דער דאָזיקער עם־הארץ האָט זיך ביז איצט מיט זיין גראָבער אַרבעט אָפּגעגעבן און ערשט איצט, מי־טאָג־צייט, גייט ערשט אין דער גיך אָפּדאַווענען".

דער באַלמעלאָכע ווידער האָט אַ טיפן זיפץ געטון, דערזעענדיק זיין למדנישן שכן.

„ער איז גלייך מיט מיר פון דער היים אַוועק", האָט ער זיך געטראַכט, „און ביז איצט אין די ספרים פאַרטון געווען. און איך?..."

אַזוי פלעגט עס געשען יעדן טאָג.

יאָרן זענען אַוועק. דער למדן איז געשטאָרבן.

האָט מען דעם למדן פאַרן בית־דין של מעלה גערופן:

— פלוני בן פלוני, וואָס האָסטו אויף דער וועלט אויפגעטון?

אַ שמייכל פון צופרידנקייט האָט זיך צעלייגט אויפן פנים פון למדן.

— איך?... כהע. איך האָב מיין גאַנץ לעבן גמרא געלערנט און מתפלל געווען. איך האָב אַלע מצוות אָפּגע־היטן.

איז דער קטיגור מיט אַ טענה אַרויס:

— אָבער ער האָט זיך צו זיין שכן מיט ביטול באַ־צויגן, ווייל יענער איז אַ שווער־האָרעווענדיקער בעל־מלאכה געווען און צו לערנען נישט קיין צייט געהאַט.

האָט מען אַ וואָגשאָל געבראַכט. אויף איין שאָל דעם

למדנס גמרא-לערנען און דאַוונען געלייגט, אויף דער אַנ-דערער זיין ביטול און זיין גאווה, וואָס ער האָט צום שכן דעם בעל-מלאכה אַרויסגעוויזן. דער ביטול האָט איבערגע-וואויגן. און אַ בת-קול האָט זיך געלאָזט הערן:

– אים קומט נישט אין גן-עדן אַריין!

## דער בעש"ט האט „עלית נשמה"

אין די 40—50-ער יאָרן פון 18-טן יאָרהונדערט, ווען אין פראַנקרייך האָבן די ענציקלאָפּעדיסטן רעוואָלטירט קעגן דער מאַכט פון דער רעליגיע אין נאָמען פון שכל — איז אין אַ קליין שטעטל אין אוקראַאינע אַנטשטאַנען דער צענטער פון אַ רעליגיעזער באַוועגונג, וועלכע האָט דעם שכל פאַרניינט, אַריינפירנדיק דעם מיסטישן גלויבן אין אַלע ווינקעלעך פון לעבן. אַ קרייז פון „חסידים", וואָס איז באַשטאַנען פון אומ-צופרידענע רבנים, מקובלים, מגידים און אַנדערע כלי-קודש, האָט זיך צונויפגעקליבן אין מעדזשיבאָזש, כדי צו קוויקן זיך מיט די רייד פון זייער רבין – דעם בעש"ט. פונם דאָזיקן צענטער אויס זענען די קוואַלן פון דער נייער תורה זיך צעפלאָסן איבער שטעט און שטעטלעך. אין פאַרשידענע שטעטלעך זענען אַנטשטאַנען גרופּקעלעך פון בעש"טס אָנ-הענגער, וועלכע האָבן זיך געשאַפן באַזונדערע „מנינים" און זיך געהאַלטן אין סעקטאַנטישער אָפּגעזונדערטקייט.

ווען דער בעש"ט האָט געזען, אַז זיין תורה ווערט פּאָפּולער און אַרום אים זאַמלען זיך מאַסן אָנהענגער – האָט ער אַליין אָנגעהויבן גלויבן אין זיין כוח און אין זיין גרוי-סער שליחות. ער האָט אָנגעהויבן הערן כרוזים פון „אויבן", עס זענען אים אַנטפּלעקט געוואָרן סודות פון דער תורה דורכן נביא אַחיה השילוני, ער האָט געהאַט „עלית נשמה"

(זעאונגען אין דער וועלט פון נשמות) און האָט איבערגע-געבן זיינע תּלמידים, וואָס ער האָט געזען.

וועגן צוויי אַזעלכע „עליות" דערציילט דער בעש"ט אַליין אין אַ בריוו. ער גיט אָן די דאַטעס: פון דער ערש-טער „עליה"–ראש-השנה תק"ז (סעפּטעמבער 1746) און פון דער צווייטער „עליה"–ראש-השנה תק"י (סעפּטעמבער 1749).

דעם בריוו, אין וועלכן ס'ווערן באַשריבן די „עליות", האָט דער בעש"ט איבערגעגעבן זיין נאָנטסטן תּלמיד יעקב-יוסף הכּהן, אַז ער זאָל אים איבערגעבן דעם בעש"טס שוואָ-גער אברהם גרשון קוטעווער, וועלכער האָט זיך געהאַט באַ-זעצט אין ארץ-ישראל. ער, דער שוואָגער, וואָס האָט זיך אַמאָל אַזוי גאַווהדיק באַצויגן צום בעש"ט – איז איצט איינער פון זיינע פייערדיקסטע חסידים געווען. אין זיין נייעם וואוין-לאַנד האָט ער פּאָפּולער געמאַכט דעם נאָמען פון זיין שוואָגער – דעם בעש"ט.

אין איינעם פון זיינע בריוו צום בעש"ט שרייבט ער:

„שוין לאַנג איז דיין נאָמען באַקאַנט אין די טייערן ירושלימס. די חכמים, וואָס געפינען זיך הי, האָבן מיך געבעטן צו שרייבן דיר און צורעדן דיך, אַז דו זאָלסט אַהערקומען און זיך דאָ אויף שטענדיק באַזעצן. זיי ווילן דיך שטאַרק זען."

אין דעם זעלבן בריוו בעט ער אויך דעם בעש"ט, אַז ער זאָל אים שיקן אַ „שטענדיקע" קמיע, כּדי ער זאָל נישט דאַרפן יעדעס יאָר ביי אים נעמען אַ נייע.

דער שליח, וועלכער האָט געדאַרפט באַזאָרגן דעם בריוו קיין ארץ-ישראל, איז אָבער צוליב אַ צופאַל פאַרהאַלטן גע-וואָרן אין וועג און דער בריוו איז ביי אים געבליבן. ערשט מיט יאָרן שפּעטער האָט ער אים אָפּגעדרוקט אין איינעם פון זיינע חיבורים.

דער דאָזיקער בריוו, האַלט דער היסטאָריקער ש. דובנאָוו, איז דער מאַניפעסט פונם חסידיזם.

מיט וואָס פאַראַ חשיבות די תּלמידים האָבן זיך באַצויגן צום דאָזיקן בריוו, באַווייזט דאָס, וואָס ביים ניסכיזשער „צדיק" איז עס געווען אַ פליכט יעדן טאָג דעם בריוו צו „לערנען", פונקט ווי צו לייגן תּפילין.

אַנדערע „צדיקים" האָבן אינם דאָזיקן בריוו געפונען „שמות", וואָס מיט זייער הילף קאָן מען דערגיין דעם סוד פון דער גאולה...

דער בעש"ט שרייבט:

„...ראש-השנה אין יאָר תק"ז האָב איך אָן השבעה אויף עלית-נשמה געמאַכט. איך האָב וואונדערלעכע זאַכן געזען, וואָס כ'האָב אַזוינס נישט געזען פון זינט כ'בין צו מיין שכל געקומען; וואָס כ'האָב דאָרט געזען און געלערנט איז נישט צום איבערדערציילן. ווען איך האָב זיך אומגעקערט אין גן-עדן התּחתּון (אונטערשטן, ד"ה ערדישן גן-עדן)–האָב איך געזען אַ סך נשמות, נישט איבערצוציילן, פון לעבעדיקע און פון טויטע. אַ סך פון זיי קען איך און אַ סך נישט. זיי זענען געלאָפן הין און צוריק פון איין וועלט אין דער צווייטער דורך דעם זייל, וועלכער איז באַקאַנט די יודעי-חן (מקובלים). זיי זענען מיט גרויס פרייד געלאָפן, נישט צום באַשרייבן. איך האָב אַ סך רשעים תּשובה טון געזען און ווי זייערע זינד זענען פאַרגעבן געוואָרן. ס'איז אַ גרויסער עת רצון געווען, אַז ס'איז מיר אַ גרויסער חידוש געווען. צווישן די, וואָס זייער תּשובה איז אָנגענומען געוואָרן, געפינען זיך פיל, וואָס אויך דו קענסט זיי. אויך זיי האָבן זיך שטאַרק געפרייט און זענען אויך אויף יענער לייטער געגאַנגען. אַלע האָבן מיך געבעטן און געזאָגט: „גאָט

האָט דיך מיט אַ גרויסן פאַרשטאַנד געלייטזעליקט, זאָלסט קאָנען באַגרייפן און פאַרשטיין אַזעלכע ענינים. גיי=אויף מיט אונז און זיי אונז בייהילפיק. מחמת דער גרויסער פריי״ד, וואָס האָט געשיינט אויף זיי, האָב איך מיט זיי אויפגיין געוואָלט. דאָ האָב איך דערזען ווי דער ס״ם (שטן) איז מיט גרויס פרייד אויפגעגאַנגען בייז רעדן און האָט אויסגעבעטן גזרות פון שמד אויף פיל נפשות, זיי זאָלן דורך מיתות משונות אומקומען. בין איך אַ דערציטערטער שטיין געבליבן. און איך האָב זיך ממש מוסר-נפש געווען און ביי מיין רבין, דעם רבין פון אליהו, ביי אחיה השילוני געבעטן, אַז ער זאָל גיין מיט מיר, ווייל עס איז אַ גרויסע סכנה אין די אויבערשטע וועלטן אויפצוגיין. איך בין פון איין מדרגה אויף דער צווייטער אַרויף, ביז איך בין אין היכל פון משיח געקומען. דאָרט לערנט משיח תורה מיט אַלע תנאים און צדיקים און אויך מיט די „זיבן פאַסטוכער". און דאָרט האָב איך אַ גרויסע פרייד געזען. און איך האָב נישט געוואוסט, וואָס די שמחה איז. און איך האָב געמיינט, אַז די פרייד איז חס=ושלום צוליב מיין גיין פון דער וועלט. און זיי האָבן מיר דערנאָך געזאָגט, אַז איך וועל נאָך נישט שטאַרבן, אַז זיי האָבן הנאה דאָרט אויבן דערפון, וואָס איך בין אונטן יחודים מיחד דורך זייער הייליקער תורה. אָבער דעם מהות פון דער פרייד ווייס איך ביז היינט צו טאָג נישט. און איך האָב געפרעגט משיחן: „ווען קומט דער האַר?" און ער האָט מיר געענטפערט: „דאָס וועסטו וויסן, ווען דיין לערע וועט באַרימט ווערן און פאַר דער וועלט זיין אַנטפּלעקט און דיינע קוואַלן וועלן פאַרשפּרייטן אומעטום דאָס, וואָס איך האָב דיך געלערנט און זיי וועלן באַגרייפן און וועלן אויך קאָנען מאַכן יחודים און עליות אַזוי ווי דו, דעמאָלט וועלן

אַלע קליפּות פאַרלענדט ווערן און עס וועט קומען אַ צייט פון באַווייליקונג און הילף". האָב איך זיך געוואונדערט און געהאַט גרויס צער, וואָס עס דאַרף אַזוי לאַנג דויערן. ווען וועט דאָס קאָנען זיין? נאָר דערפון, וואָס איך האָב געלערנט, ווען איך בין דאָרט געווען, דריי זאַכן סגולות און דריי הייליקע שמות, וואָס ס'איז זיי גרינג זיך אויסצולערנען און פאַרשטיין, האָב איך זיך באַרואיקט און געטראַכט: אפשר וועלן דורך דעם די מענטשן פון מיין דור קומען צו דער זעלבער מדרגה, וואָס איך, דהיינו: זיי וועלן אויך קאָנען האָבן עליות נשמה און לערנען און באַגרייפן, ווי איך. מען האָט מיר אָבער נישט דערלויבט ווי לאַנג כ'וועל לעבן דאָס צו אַנטפּלעקן. און ווען איך האָב געבעטן רשות דיך צו לערנען, האָט מען מיר דאָס נישט דערלויבט. איך האָב דע-רויף געשוואוירן און איך האַלט זיך ביי דער שבועה. אָבער דאָס לאָז איך דיר וויסן און גאָט זאָל דיר העלפן, דו זאָלסט גיין אין זיינע וועגן און זיי זאָלן זיך נישט אויסקרימען און בפרט אין הייליקן לאַנד: בעת דיין דאַווענען און לער-נען זאָלסטו ביי יעדן וואָרט און זילב מכוון זיין מיחד צו זיין דעם נאָמען פון גאָט, ווייל אין יעדן אות זענען דאָ וועלטן און נשמות און געטלעכקייט און זיי גייען און פאַר-קניפּן און באַהעפטן זיך איינע מיט די אַנדערע און נאָך דעם פאַרקניפן זיך און באַהעפטן זיך די אותיות. און אַ גרויסן תענוג האָבן זיי פון דער אמתער באַהעפטונג אָן דער געט-לעכקייט. און דו זאָלסט דיין נשמה פאַראייניקן מיט זיי אין יעדער פון די אויבן דערמאָנטע בחינות. און אַלע וועלטן פאַראייניקן זיך ווי אין איינס און זיי גייען-אויף און עס ווערט אַ פרייד און מכל-שכן אויף אַזאַ הויכקייט. גאָט וועט דיר אוודאי העלפן און וואו דו וועסט זיך קערן און ווענדן

וועסטו מצליח זיין. גיב דעם חכם, וועט ער נאָך קליגער ווערן.

„איך האָב דאָרט אויך מתפלל געווען, פאַר וואָס האָט גאָט אַזוי געטון און פאַר וואָס איז זיין צאָרן אַזוי גרויס, פאַר וואָס ער האָט איבערגעגעבן צום ס"ם פיל נפשות צום דערהרגענען, און פון זיי אַ סך נפשות, וואָס האָבן זיך געשמדט און דערנאָך האָט מען זיי דערהרגעט. און מען האָט מיר דערלויבט צו פרעגן דעם ס"ם אַליין. און איך האָב דעם ס"ם געפרעגט: צו וואָס האָט ער עס געדאַרפט, אַז זיי זאָלן זיך שמדן און ערשט דערנאָך זאָלן זיי געהרגעט ווערן? און ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער האָט עס געטון פאַר גאָט וועגן. און אַזוי איז ביי אונזערע גרויסע זינד נאָך דעם געווען, אַז אין דער הייליקער קהלה זאַסלאַוו איז געווען אַ בלבול אויף פיל נפשות און צוויי פון זיי האָבן זיך געשמדט און דערנאָך האָט מען זיי דערהרגעט און די איבעריקע האָבן געהייליקט גאָטס נאָמען אין גרויס הייליקייט און געשטאָרבן מיט אַ משונהדיקן טויט. דערנאָך זענען געווען בלבולים אין דער הייליקער קהלה סוויטאָווקי און אין דער הייליקער קהלה דונאַוויץ און דעמאָלט האָבן זיי שוין זייער אמונה נישט געביטן, נאָך דעם ווי זיי האָבן געזען די אויבן דערמאָנטע מעשה אין דער זאַסלאַווער קהלה. נייערט אַלע האָבן זיי זייער לעבן אָפּגעגעבן צו הייליקן גאָטס נאָמען און זיי האָבן גאָטס נאָמען געהייליקט און בייגעשטאַנען דעם נסיון. און אין דאָזיקן זכות וועט קומען משיח און נקמה נעמען אונזער נקמה...

„און אין ראש-השנה תק"י האָב איך אויך, כידוע, אַן עלית-נשמה געהאַט און איך האָב אַ גרויסן קטרוג (באַשולדיקונג) געזען, אַז ס'איז שיר-נישט געגעבן געוואָרן רשות צום ס"ם איינגאַנצן חרוב צו מאַכן מדינות און קהילות. און

איך האָב מיין לעבן איינגעשטעלט און איך האָב תפילה געטון: לאָמיר פאַלן פון דער האַנט פון גאָט און לאָמיר נישט פאַלן פון אַ מענטשלעכער האַנט. און מ׳האָט מיר געגעבן רשות, אַז עס זאָלן אָנשטאָט דעם זיין גרויסע קראַנקייטן און אַ גרויסע מגפה. וואָס אַזעלכע איז נאָך נישט געווען אין דער גאַנצער פוילישער מדינה און אין די אַרומיקע מדינות, וואָס זענען נאָנט צו אונז. און אַזוי איז געווען. די קראַנקהייט האָט זיך זייער פאַרשפּרייט, אָן אַ שיעור. און אַזוי אויך אין די אַנדערע מדינות. און איך האָב אָפּגערעדט מיט מיין חבורה צו זאָגן „קטורת" גאַנץ באַגינען, כדי אָפּצושאַפן די גזרה. און מ׳האָט מיר אָנטפּלעקט פון הימל: דו האָסט דאָך אַליין אויסגעקליבן: „לאָמיר פאַלן פון דער האַנט פון גאָט", און פאַרוואָס זשע ווילסטו עס אָפּשאַפן? אַ באַשולדיקער קאָן דאָך קיין פאַרטיידיקער נישט ווערן? און פון דעמאָלט אָן האָב איך נישט געזאָגט קיין „קטורת" און וועגן דעם נישט מתפלל געווען. נייערט אום הושענה־רבה בין איך אַוועק אין שול אַריין מיטן גאַנצן עולם דורך פיל השבעות מחמת גרויס פחד און איך האָב איין מאָל געזאָגט קטורת, כדי די מגפה זאָל זיך נישט פאַרשפּרייטן אין אונזער געגנט און אַזוי האָט זיך אונז מיט גאָטס הילף איינגעגעבן זי פון אונז צו פאַרטרייבן.

די רייד פון ישראל בעש״ט

פון ק״ק מעדזשיבאָזש"

פונם דאָזיקן בריוו רעדט אַרויס נישט נאָר דעם בעש״טס טיפער גלויבן אין זיינע אייגענע כוחות; מ׳קאָן דאָ אויך אַרויסלייענען דעם גלויבן פון זיין קרייז אין דעם, אַז דער בעש״ט קאָן קערעווען מיט דער וועלט און קאָן ברענגען די גאולה אויב אַלע וועלן גיין אין זיינע דרכים...

# פאַר און קעגן בעש״ט

דער גלויבן פון בעש״ט אָנהענגער אין זייער רבין איז געווען אָן אַ גרעניץ. זיי האָבן געגלויבט, אַז ער איז אימשטאַנד דאָס אוממעגלעכסטע צו באַווייזן. זיי זענען אַזוי ווייט אַוועק אין זייער גלויבן, אַז זיי זענען זיכער געווען אַז ער, דער בעש״ט טאַקע, איז משיח.

דער דאָזיקער גלויבן אין בעש״טס משיחישקייט האָט נאָך אָנגעהאַלטן אַפילו נאָך זיין טויט. זיי האָבן געגלויבט, אַז דער בעש״ט וועט נאָכאַמאָל אויף דער וועלט קומען אין אַ נאָך העכערער מדרגה, ווי פריער.

...אויך נאָך זיין טויט, — דערציילט די לעגענדע, — פלעגט דער בעש״ט זיין הויז באַזוכן און מיט זיין משפחה פאַרברענגען... ער פלעגט זיך צו זיין זון און צו די איי־ניקלעך באַווייזן, לערנען מיט זיי. ער פלעגט זיך אויך צו זיינע תלמידים באַווייזן. — — — — — — — — —

אָבער פונקט אַזוי ווי דער בעש״ט האָט געהאַט הייסע אָנהענגער און פאַרערער, אַזוי האָט ער געהאַט שאַרפע קעגנער, וועלכע זענען אַרויסגעטראָטן קעגן אים.

די פרומע רבנים האָבן זיך נישט געקאָנט שענקען, וואָס אַן „עם־הארץ" וויל זיין אַ פירער און גלויבט, אַז ער האָט רוח־הקודש.

שאַרפע קעגנער פונם בעש״ט זענען אויך געווען די צוויי גרויסע רעליגיעזע אויטאָריטעטן פון יענער צייט, יחזקאל לאַנדאָ (דער „נודע ביהודה") און חיים סאַנדזער.

אַ לעגענדע דערציילט:

...די דערמאָנטע צוויי רבנים האָבן געשריבן אַ בריוו צום באַרימטן רב חיים־בנימין הכהן ראַפּאָפּאָרט, אַז ער זאָל

קומען קיין בראָד, וועלן זיי צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע רבנים אַריינלייגן דעם בעש"ט אין חרם אַריין.

דער בעש"ט האָט זיך דערפון דערוואוסט דורך רוח-הקודש און ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַן אָרעמאַן און זיך אויך געלאָזט אין וועג אַריין קיין בראָד.

אויפן וועג האָט ער באַגעגנט דעם רב ראַפּאָפּאָרט און אים געבעטן, ער זאָל אים אויף זיין וואָגן אויפנעמען.

דער בעש"ט האָט דעמאָלט בכיוון אָנגעהויבן רעדן פאַרן רב נאַרישקייטן, אַז יענער האָט אים אויסגעלאַכט.

— וואָס לאַכט איר ?—האָט דער בעש"ט זיך אָנגערופן — די חכמים האָבן דאָך געלערנט, אַז אויב איינער האָט אַ טעות אין דער תפילה „אתה חונן" זאָל ער אַ גאַנצע וואָך אַ פאַרזאָרגטער אַרומגיין ?

איז דער רב איבעראַשט געוואָרן. ער האָט זיך דער-מאָנט, אַז שבת-צונאַכטס האָט ער זיך טאַקע ביים דאַווענען די שמונה-עשרה פון מעריב טועה געווען ביי „אתה חונן".

— ווער ביסטו ? — האָט דער רב געפרעגט.

איך בין טאַקע דער, — האָט דער בעש"ט געענט-פערט,— צוליב וועמען איר זענט אייך אומזיסט מטריח. זייט וויסן, אַז איך ווייס אַלע געהיימנישן. זעט, אַז אייערע לייט זאָלן זיך צעפאָרן אַהיים, ווייל עס קאָן חלילה אי פאַר מיר, אי פאַר אייך אַ רעה אַרויסקומען.

דעם בעש"ט האָט מען שוין אין חרם אַריין נישט געלייגט. — — —

די דאָזיקע לעגענדע און אַ גאַנצע ריי אַנדערע פון ענלעכן אינהאַלט זאָגן עדות וועגן דער שאַרפער קעגנער-שאַפט צום בעש"ט מצד די גרעסטע רבנים פון זיין צייט. אָבער אין אַלגעמיין מוז מען פעסטשטעלן, אַז די קעגנער-

שאַפט צום בעש"ט בעת זיין לעבן איז געווען גאָר אַ שוואַכע לגבי דער פאַרביסענער קעגנערשאַפט, וואָס דער חסידיזם האָט אַרויסגערופן קעגן זיך נאָכן בעש"טס טויט.

ווי אַ גרויסע פערזענלעכקייט האָט ער מיט זיין טאַקט אַנטוואָפנט זיינע קעגנער. ער האָט ביי די שאַרפסטע אָנגריפן קעגן אים נישט פאַרלוירן יענץ גייסטיקע גלייכגעוויכט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר גרויסע מענטשן. ער איז געווען אומפערזענלעך און צילבאַוואוסט.

אַדאַנק זיינע פערזענלעכע מעלות, האָט ער אויך פאַר זיין לעבן אַ שטאַרקן אָנגריף אויף זיין שיטה אויסגעמיטן. און ריכטיק באַמערקט ש. צ. זעצער אין זיין מאָנאָגראַפיע וועגן בעש"ט, אַז „נישט דער זכות פון זיין תורה האָט אויף אים מגין געווען, נאָר, פאַרקערט, זיין זכות האָט אויך אויף דער תורה זיינער מגין געווען."

## דער בעש"ט און די פראַנקיסטן-באַוועגונג

דעם בעש"ט איז אין זיינע לעצטע לעבנס-יאָרן אויסגעקומען איבערצולעבן אַ שווערע צייט.

אין יענע קהילות פון פּאָדאָליע און גאַליציע, וואו ס'איז געוואַקסן די חסידיסטישע באַוועגונג, האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפרייטן די פראַנקיסטן-באַוועגונג, וועלכע איז געווען אַ המשך פון דער שבתי-צבי-באַוועגונג.

יעקב פראַנק האָט עטלעכע יאָר פאַרבראַכט אין טערקיי און פאַרקערט אין דער סביבה פון שבתי-צבי, ווענעמס אָנהענגער ער איז געווען. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין פוילן — האָט ער דאָ געשאַפן די אַזוי גערופענע פראַנקיסטן-באַוועגונג.

נאָר אויב די שבתי-צבי-באַוועגונג האָט אין איר אָנ-הויב געטראָגן אַ יידישן כאַראַקטער און שבתי-צבי אַליין האָט זיך באַטראַכט פאַר „משיח", אויב די ש"צ-באַוועגונג איז אין תחילת אויך געווען פריי פון סעקסועלער הפקרות און פאַרקערט, גאָר אַסקעטיש געווען — איז די פראַנקיסטן-באַוועגונג לכתחילה געווען פרעמד דער יידישער פאָלקס-פסיכיק און איז געזונקען אין סעקסועלער אויסגעלאַסנקייט.

שבתי-צבי איז, אַזוי אין די מאָמענטן פון זיין דער-הויבונג, ווי אין די מאָמענטן פון זיין ירידה, געווען אַ טי-פער מיסטיקער און אַ טראַגישע געשטאַלט. יעקב פראַנק, להיפך, איז תמיד גיכער געווען אַ מיסטיפיקאַטאָר, ווי אַ מיסטיקער.

ס'איז אַ סברה, אַז אין די יונגע יאָרן, ווען דער בעש"ט איז נאָך געווען אַן איינזאַמער וואָגלער אין די קאַר-פאַטן-בערג, איז אים אַליין אויסגעקומען דורכצומאַכן אַן אינערלעכן געראַנגל, ווייל די תורה פון שבתי-צבי האָט אים געלאָקט מיט אירע פאַרבאָרגענישן.

אַ לעגענדע באַשטעטיקט די דאָזיקע סברה:

...איינמאָל איז שבתי-צבי געקומען צום בעש"ט און געבעטן אים אַ תיקון פאַר זיין נשמה. שבתי-צבי האָט גע-וואָלט, אַז דער בעש"ט זאָל זיך פאַרבינדן מיט אים נפש מיט נפש, רוח מיט רוח, נשמה מיט נשמה. האָט דער בעש"ט געפרווט זיך פאַרבינדן מיט אים פאַמעלעך – ער האָט מורא געהאַט, ווייל שבתי-צבי איז אַ גרויסער רשע געווען. — —

אָבער שפעטער איז ביים בעש"ט רייף געוואָרן זיין אייגענע שיטה. ער האָט זיך פון די שבתי-צביניקעס דער-ווייטערט און איז זייער שאַרפער קעגנער געווען.

איצט, ווען ס'איז אַנטשטאַנען די פראַנקיסטן-באַוועגונג,

וועלכע איז מאָראַליש אָן אַ שיעור נידעריקער געשטאַנען פון דער ש"צ-באַוועגונג — איז דער בעש"ט געווען אויסער זיך פון אויפרעגונג. פאַר זיינע מקורבים האָט דער בעש"ט דערקלערט, אַז „יעקב פראַנקס כוח אין דער טומאה איז אַ סך גרעסער, ווי זיין, דעם בעש"טס, כוח אין דער קדושה."

די לעגענדע דערציילט: ...מ'האָט דעם בעש"ט פון הימל מגלה געווען, אַז ער, דער בעש"ט, מאיר פרימישלאַנער און משה פאַסטוך וועלן אַלע דריי צוזאַמען זיך קאָנען אַן עצה געבן קעגן דעם רשע פראַנק ימח שמו. איז דער בעש"ט צו מאיר פרימישלאַנער אַוועק און ביידע האָבן זיך געלאָזט זוכן דעם דריטן — משה פאַסטוך. משה פאַסטוך איז אַ גרויסער פראָסטאַק געווען. זיי האָבן אים געטראָפן פאַשען שאָף אויף אַ באַרג. ער איז נעבן אַ גרויסן גרוב געשטאַנען אַרומגערינגלט פון זיינע שעפעלעך און ער האָט אין גרוב אַריינגעשריגן:

— מיט וואָס זאָל איך דיך ינען, גאָט מיינער? ווען דו וואָלסט שאָף געהאַט, אומזיסט וואָלט איך זיי דיר געפאַשעט!

דער בעש"ט האָט איינגעפונען, אַז משה פאַסטוכס עבודה איז העכער פון זיין אייגענער.

זיי האָבן זיך אַלע דריי אין אַ קוואַל געטובלט און זיך גענומען מתפלל זיין.

איז אין הימל אַ גרויסער רעש געוואָרן און דער שטן האָט גאָר דעם קאָפּ פאַרלוירן.

האָט דער ס"ם די שטאָט אונטערגעצונדן און די גלעקער האָבן אָנגעהויבן קלינגען. זענען די שאָף זיך צעלאָפן און משה פאַסטוך איז שנעל געלאָפן די שאָף זוכן.

און דאָס האָט דער שטן נאָר געוואָלט.

די טומאה איז ווידער ביי איר כוח געבליבן. — —

זומער 1757 האָט זיך אָנגעהויבן דער וויכוח צווישן די פראַנקיסטן און די רבנים פון קאַמענעץ-פּאָדאָלסק פאַרן יידן-פיינטלעכן בּיסקופּ דעמבּאָווסקי.

דער רעזולטאַט פונם וויכוח איז געווען, אַז מ'האָט פאַראורטיילט דעם תלמוד צו פאַרבּרענען (אָקטאָבּער 1757).

„דעמאָלט, — דערציילט אַ לעגענדע, — אין ערב-יום-כיפּור, האָט דער בעש"ט אַ גרויסן קטרוג קעגן יידן געזען און אַ סכּנה, די תּורה שבעל-פּה זאָל ביי זיי נישט צוגענומען ווערן. איז ער דעם גאַנצן טאָג אַ פאַרטרויערטער אַרומגעגאַנגען. פאַרנאַכט, ווען די שטאָטלייט זענען געקומען צום בעש"ט, ער זאָל זיי בּענטשן, האָט ער בּלויז איינּיקע געבּענטשט און די איבּעריקע האָט ער געזאָגט, אַז צוליב דעם גרויסן צער, וועלכן ער האָט איצט, קאָן ער זיי נישט בּענטשן.

„דערנאָך איז דער בעש"ט אין שול אַוועק, דעם עולם מוסר געזאָגט, דערנאָך איז ער צום ארון-קודש צוגעפאַלן און געשריגן: „ווי, ווי, מען וויל ביי אונז די תּורה צונעמען".

„ער האָט זיך אויך געבּייזערט אויף די רבנים, פאַר-וואָס זיי טראַכטן אויס שקרים, וועלכע זיי בּאַגרינדן אויף פאַלשע הנחות. „מען האָט, — האָט דער בעש"ט געזאָגט, — אויבן אַלע תּנאים און אמוראים צום דין געשטעלט."

„צומאָרגנס, ביי נעילה, האָט דער בעש"ט שטאַרק גע-וויינט. ער האָט דעם קאָפּ אַהינטער פאַרוואָרפן, אַז ער האָט זיינע פּיס דערגרייכט. זיינע אויגן זענען געווען אַרויסגע-סטאַרטשעט און מיט זיין קול האָט ער געבּרומט, ווי אַ גע-קוילעטער אָקס. אַזוי איז ער צוויי שעה צייט געשטאַנען.

„פּלוצלינג איז ער צו זיך געקומען און גיך די תּפילה פאַרענדיקט.

„מוצאי יום-כיפּור האָט דער בעש"ט דערציילט:

„ווען איך בין שמונה־עשרה געשטאַנען, בין איך אָן אָפּהאַלט פון איין וועלט צו דער צווייטער געשטיגן, ביז איך בין אין אַ היכל געקומען, וואו ס'איז בלויז נאָך איין טויער צו גאָט געווען. דאָרט האָבן זיך געפונען תפילות, וועלכע האָבן שוין פופציק יאָר געוואַרט און זיי האָבן נאָך קיין „עליה" נישט געהאַט. צוליב אונזער היינטיקן דאַווענען מיט כוונה זענען אויך יענע תפילות צו גאָט אַרויף און זיי האָבן ווי דער מאָרגנשטערן געלויכטן.

„האָב איך די תפילות געפרעגט:

„— פאַרוואָס זענט איר פריער צו גאָט נישט אַרויף?

„האָבן זיי געענטפערט:

„— מען האָט אונז געהייסן אויף דיר וואַרטן, דו זאָלסט אונז פירן.

„דער טויער איז אָפן געווען.

„ווען איך האָב אָבער מיט די תפילות צום טויער זיך דערנענטערט, האָט אים אַ מלאך פאַרשלאָסן.

„בין איך צו מיין רבין, אחיה השילוני, געלאָפן. האָט ער מיך געפירט צום היכל פון משיח.

„ווען משיח האָט מיך דערזען, האָט ער געזאָגט צו מיר:

„— שריי נישט.

„ער האָט מיר צוויי סימנים געגעבן, מיט וועלכע איך האָב דאָס טויער געעפנט און אַלע תפילות אַריבערגעפירט. און די גזרה איז בטל געוואָרן. בלויז אַ רושם פון דער גזרה איז געבליבן." — — — — — — — — —

לויט דער לעגענדע האָט דער בעש"ט מיט זיין תפילה די גזרה אָפּגעשריגן.

ווי עס שטעלט אָבער פעסט דער היסטאָריקער ש. דובּ־נאָוו, איז די „נבואה" געקומען נאָך דעם אָפּשאַפן די גזרה.

זייער אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש זענען דעם בעש״ס ווערטער וועגן די רבנים, תנאים און אמוראים, וועלכע „מ׳האָט „אויבן״ צום דין געשטעלט.״

וואָס ס׳איז נוגע דאָס מנצח זיין די פראַנקיסטן, וואָס די לעגענדע שרייבט צו דעם בעש״ט · האָט ער אַ חוץ תפילה גאָרנישט אויפגעטון אין קאַמף קעגן זיי.

ס׳איז נאָר באַקאַנט, אַז בעת די רבנים האָבן זיך געפרייט, וואָס די פראַנקיסטן האָבן זיך אויסגעשמדט און זיי זענען זייערע פטור געוואָרן — האָט דער בעש״ט געזאָגט, אַז „די שכינה וויינט און יאָמערט, ווייל כל־זמן דער אבר איז באַהעפט (צום גוף), קאָן מען נאָך האָפן אויף אַ רפואה, שניידט מען אָבער אָפּ דעם אבר — קאָן ער שוין קיינמאָל קיין תיקון נישט האָבן. און יעדער ייד איז דאָך אַן אבר פון דער שכינה״.

## דעם בעש״טס טויט

דער בעש״ט האָט געגלויבט אין זיינע עלטערע יאָרן, אַז ער וועט נישט שטאַרבן ווי יעדער געוויינלעכער בשר־ודם, נאָר אַז ער וועט, ווי אליהו, אַ לעבעדיקער אין די הימלען אַריין.

אין יאָר תק״כ (1760) איז דער בעש״ט שווער קראַנק געוואָרן. דאָס איז געווען פאַר פסח. זיין מצב איז פון טאָג צו טאָג ערגער געוואָרן.

אין דער ערשטער נאַכט פון שבועות זענען זיך זיינע תלמידים צו אים צונויפגעקומען, כדי וואַך צו זיין די גאַנצע נאַכט לויטן מנהג, וואָס דער אר״י האָט איינגעפירט. דער בעש״ט האָט אַ סך שעהן פאַר זיינע תלמידים תורה געזאָגט.

אין דער פרי האָט ער געלאָזט רופן די חברה־קדישא און זיי אָנגעוויזן, ווי אַזוי זיי זאָלן דורכפירן זיין קבורה.

– נישט פאַר זיך זאָרג איך,–האָט דער בעש"ט צו זיי געזאָגט, – איך ווייס גאַנץ גוט, אַז איך וועל דורך איין טיר אַרויס און אין דער אַנדערער טיר אַריין.

דערנאָך האָט ער זיך אויפגעזעצט אויפן בעט און גע־זאָגט תורה וועגן דעם איבערגאַנג פון דער אונטערשטער אין דער אויבערשטער וועלט; ער האָט נאָך מתפלל געווען און נאָך אַ קורצער גסיסה געשטאָרבן.

„באותה רגע, – דערציילט אַ לעגענדע, – האָבןביידע זייגערס, וואָס האָבן זיך געפונען אין בעש"טס הויז, זיך אָפּ־געשטעלט..."

דער בעש"ט האָט געלעבט זעכציק יאָר. ער האָט אי־בערגעלאָזט אַ זון מיטן נאָמען צ ב י און אַ טאָכטער ה א ד ל (די טאָכטער פאַרנעמט, אגב, זייער אַן אָנגעזעען אָרט אין פיל לעגענדעס וועגן בעש"ט). דער זון איז נישט ראוי גע־ווען צו פאַרנעמען די שטול פון זיין פאָטער, אַלס פירער פון די חסידים. דער בעש"ט האָט דעריבער נאָנט פאַר זיין טויט אויסגעקליבן איינעם פון די בעסטע תּלמידים זיינע, דעם מגיד דוב־בער מעזריטשער, אַז ער זאָל זיין נאָך זיין, דעם בעש"טס, טויט דער פירער פון דער חסידים־סעקטע.

פון דעמאָלט אָן הויבט זיך אָן די חסידיסטישע באַ־וועגונג וואָס אַמאָל מער אויסברייטערן.

בעתן בעש"טס לעבן זענען זיינע תּלמידים געווען קאָנ־צענטרירט אין דער מעדזשיבאָדזשער „רעזידענץ" און ערשט נאָך דעם, ווי דער בעש"ט איז געשטאָרבן – זענען זיי זיך צעפאָרן אין פאַרשידענע שטעט און געגנטן און דאָרט פּאָ־פּולאַריזירט די געדאַנקען פון זייער פאַרשטאָרבענעם לערער.

אין נישט קיין לאַנגער צייט איז דער חסידיזם אויס־געוואַקסן אין אַ ריזיקער פאָלקס־באַוועגונג, איבערנעמענדיק די העגעמאָניע אינם יידישן לעבן.

צוויי הונדערט יאָר זענען אַוועק, זינט די דאָזיקע באַוועגונג איז אַנטשטאַנען ווי אַ פּראָטעסט קעגן דער לעבנס־פרעמדער, פאַרגליווערטער, אויסגעדאַרטער תורה־יידישקייט. זי האָט דעמאָלט געעפנט אַ פענסטער צו דער זון, צום פעלד, און פאַרטריבן די מרה־שחורה מיט אַ הילכיק פרייד־געלעכטער.

אָבער די צייט האָט זיך ווייטער געשפּרייזט איר איי־ביקן גאַנג און האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אין טאָג פון בעש"טס טויט, אַזוי ווי יענע צוויי סימבאָלישע זייגערס אין בעש"טס הויז.

די חסידיסטישע באַוועגונג, וועלכע האָט געשטורעמט דאָס אַלטע און אָפּגעלעבטע — איז אַליין פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ פעסטונג, וואָס שיצט דעם אַלטן שימל און די פאַרגליווערטקייט.

אויסגעוועפּט פון אַ יעדער אידעע — איז עס געוואָרן אַ ירושה־געשעפט פאַר די פאַרשידענע רבישע „דינאַסטיעס", מיט מחלוקת צוליב חזקה אויף אַ רבישער שטול, צוליב דעם מאָנאָפּאָל אויף נעמען פדיונות...

אַזוי איז שוין דער גורל פון אידעען — זיי דינען זיך אויס און דערנאָך מוזן זיי אָפּטרעטן זייער אָרט פאַרן נייעם און פאָרשריטלעכן.

די היינטיקע פוילנדיקע רעשטלעך פונם חסידיזם זע־נען בלויז אָפּגעוועלקטע צווייגן פון אַ בוים, וואָס זיינע וואָרצלען זענען שוין לאַנג אונטערגעפוילט און ביים ערשטן שטורעם וועט פון זיי קיין זכר נישט בלייבן...

(ס ו ף)

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem.

„GROSZEN-BIBLJOTEK“ Nr. 222

Adres red. i adm.: Warszawa, Wspólna 5

Skrzynka pocztowa 178. P. K. O. 25.449



## די נאָנטסטע ביכלעך:

1. רידז-שמי
2. מאַכנאָ
3. קאַנאַנאָח



Red. i wyd. M. Finkielsztejn.